## אַנשטאָט אַ הקדמה

אין טאָג־טעגליכן לעבן, אין היימישע געשפּרעכן פון גרויסע מענשן שטעקט אַמאָל מער קינסטלע־רישער אמת, מער אוממיטלבאַרע שענקייט, ווי אין זייערע בעסטע ווערק.

ווי באַשיירן אַ קינסטלער זאָל ניט זיין, ווי ערליך ער זאָל ניט פאַרמיטלען דורך זיין שרייבן צווישן טאַלאַנט און לעזער, איז דאָך כמעט שטענדיג צו־געמישט, אַפילו צו זיינע געלונגענסטע ווערק, פּאָזע און פאַרשלאָסנקייט. דאָס טיפסטע איז צופיל פאַר־שלייערט, דאָס אויבערפלעכליכע — צופיל אויסגע־פּרייגט. דער ווירקליך פיינער גייסט שעמט זיך פאַר זיין נאַקעטער פיינקייט. ער פּוצט עס אויס מיט פאַרבּינע שמאַטעס, ער פאַרשטויבט זיין לויכטנדיגן גלאַנץ... מיט כונה פאַרשטויבט ער עס.

דאָס אַלץ פאַלט אָבער אָפּט מאָל אַוועק אין זיין איינפאַכן פּריוואַט־לעבן, אין זיינע געשפּרעכן מיט נאָהענטע. און איינער פון אַזעלכע איז געווען אונזער פאַרשטאָרבענער ליטעראַרישער זיידע: מענ־דעלי מוכר ספרים.

פֿאַר מיינע אויגן שטייט ער היום, ווי לעבעדיג, דעם זיידנס כאַראַקטער־קאָפּ מיט דער זילבערנער גריווע האָר, וועלכע שטעלט אים אַוועק אין איין פֿרעכטיגער שורה מיט: הוגאָ, איבסען, לאָנגפעלאָוו, טאָלסטאָי, טורגעניעוו, ביערנסאָן און זייער גלייכן.

איך זעה נאָך זיינע באַוועגליכע, פּלאַסטישע קנייטשן איבער זיין ראָזינגן, פרישן געזיכט, זיין הויכן שטערן, זיין שמייכעלע, זיין קוק איבער די שפּאַקולן, די מינעס און גרימאַסן, וועלכע גייען איבער זיין רירעוודינג שפּיץ נאָז, וואָס איז געווען פייהיג אויף צען פֿאַרענדערונגען אין איין מינוט. זיינע שטאַרע פּאָזעס, ווען ער האָט געזוכט נאָך אַ פּאַסנדיג וואָרט, נאָך אַ פּאַקנדיג בילד. און דערביי — דער ליידנ־שאַפטליכער אויסדרוק אין די ווינקלען פון זיין מויל, דער בלאָנדזשנדער פייער אין זיינע קליינע שוואַרצע אויגן — איינגעראַמט אין שמייכלדיגע קנייטשעלאַך...
דאָס איז ביי אים שטענדיג געווען די ליידנשאַפט פון אַ געניאַלן סקולפּטאָר, וועלכער שטייט מיט האַמער אין דלאָטע פאַר אַ ווילדן בלאָק מאַרמאָר, מיט דעם שטאַרקסטן ווילן אַרויסצוהאַקן פון פֿאַרשטיי־נערטן שטיק כאַאָס אַ נייע פאָרם, אַרויסצושיילן פונם ווייסן און האַרטן תּהו־ובֿהו אַ נייעם בילדליכן קערן...

אַ שאָר, וואָס אַלע זיינע נאָהענטע איילן זיך ניט צו פאַרצייכענען יעדן געדאַנק, יעדן אַפּאָריזם, וואָס געהערט פונם זיידן אַליין, פון אַנדערע, וואָס

דערלעבט מיט אים צוזאַמען אָדער אין זיין סביבה. דאָס איז ביז אַהער געטאָן געוואָרן נאָר אויפן שפּיץ־מעסער. וואָלטן זיך אַלע זיינע מקורבים דערצו גענומען, וואָלטן מיר אפשר אין גיכן געהאַט נאָך שיינע עטליכע געקליבענע בענד, אַ צונאָב צו מענדעלים שריפטן; ניט ווייניגער אינטערעסאַנטע, ווי די, וועלכע דער זיידע האָט מיט זיין אייגענער פּעדער געשאַפן.

אָבער ניט אַלץ, ווייט ניט אַלץ, האָבן זיינע נאָהענטע פריינט באַהאַלטן אין זכּרון! אַ סך, דאָס בעסטע פונם זיידן, איז פאַרלאָרן געגאַנגען, אויף אייביג פאַרלאָרן. דאָס איז דאָך אונזער אַלעמענס אומגליק: קענען מיר פּערזענליך דעם גרויסן גייסט, איילן מיר זיך ניט הנאה צו האָבן פון זיין שיין. „עס איז נאָך פאַראַן גענוג צייט" — זאָגן מיר. שטענדיג האָבן מיר גענוג צייט. פּלוצלינג... און דער גייסט איז אַוועק, אָפּגעשטאָרבן. ניטאָ. זיין אָרט איז פּוסט. און אַ טיפער יאָמער, אַ יאָמער אָהן אַ קול, צעטרייסלט אונזער רוה, אונזער גלייכגילטיגקייט: אוי, אָט דאָ איז ער געזעסן, אוי, אָט דאָרט איז ער געשטאַנען, אָט דאָס האָט ער געזאָגט און אַזוי האָט ער געשמייכלט... און מיר... מיר האָבן פאַרשפּעטיגט הערן, פאַרשפּעטיגט זעהן. תּמיד פאַרשפּעטיגן מיר... ווייל די זון, אַז זי גייט אונטער, זיינען מיר פונדעסטוועגן זיכער: מאָרגן און איבערמאָרגן וועט זי ווידער אויפגיין, איבעראַנייס

לויכטן; אָבער אַ גרויסער מענשן־גײַסט, ווען ער גײט אונטער, בלײַבן מיר שטײן און קוקן עלנט, אָהן האָפענונג, אין דער נעפּלדיגער צוקונפט, ווײל מיר ווײסן ניט, ווען וועט אויפגײן און ווען וועט אויפלײַכטן אַן אַנדערער אָנשטאָט אים.

## 1. אַ קעלבערנער און אַ מענשישער טאַלאַנט.

איינמאָל האָט אַ באַקאַנטער שריפטשטעלער געריכט פאַר מענדעלין אַ נייעם יידישן שרייבער, וואָס לויט זיין מיינונג איז ער אַרויס אין דער ליטעראַטור אַ פאַרטיגער, אַ קיילעכיג און שפּיציגער. מענדעלי האָט געמאַכט אַ מינע און געזאָגט:

— כ׳ווייס ניט. איך גלויב קיינמאָל ניט, אַז פון אַזעלכענע „פאַרטיגע" וועט עפּעס גרויסעס אַרויסוואַקסן. דאָס זיינען תמיד קעלבערנע טאַלאַנטן. אַ קעלבל שטעלט זיך גלייך אויף די פיס, אינם זעלבן טאָג, ווען עס ווערט געבאָרן... אַ מענש מוז אַרומקריכן חדשים לאַנג אויף אַלע פיר. פאַלן איבער די אייגענע פיס מוז ער... און טוט ער זיך אָן אַ כח און שטעלט זיך אַוועק — שאָקלט ער זיך אַ ווילע און האָץ! אַנידערגעפאַלן... שרייט. און ביז וואַנען אַ מענשישער הענן לערנט זיך אויס גיין, דערנאָך לויפן, דערנאָך טאַנצן... אָה! יאָרן גייען אַריבער! — פונקט דאָס זעלבע פּאַסירט און מוז פּאַסירן מיט אַן אמתן מיט „אַ מענשישן טאַלאַנט"...

## 2. קום, קליינער!

— אָפּט מאָל, ווען איך זיץ און שרייב — האָט מיר איינמאָל מענרעלי רערציילט — ווען איך זיץ און שרייב און זוך אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, וואָס זאָל קורץ און שאַרף אַרומכאַפּן דאָס, וואָס איך וויל זאָגן, קומען צוגיין אַ סך, אַ סך ווערטער, אַ סך, אַ סך אויסדריקן, סינאָנימען... און שטעלן זיך אויס אַנטקעגן מיר אין איין שערענגע.

עס שטעלן זיך אויס זאַטע, מיט זיך צופרידענע ווערטער; רויע, גראָבע אָהן מאַנירן; שטיפערישע ווערטער, שקצים... רייך־באַפּוצטע, אָנגעפּאַרבטע; שטאָלצע, יחוסדיגע, מיט אַלטע שטאַם־צעטלען אין די הענט; ווערטער ציגיינער, ווערטער מלכים... יעדער פון זיי זעהט זיך מיר אַרויסווייזן פון דער שענסטער זייט. אַנדערע שמייכלען, אַנדערע בעטלען, אַנדערע געבן אָפּ טשעסט: „ראַד סטאַראַטסיאַ, מענדעלי!“ די יחוסדיגע, די זאַטע, די רייכע צעזעצן זיך בהרחבה, ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן: „מענדעלי, אָהן מיר קאָנסטו ניט אויסקומען!... מענדעלי, אַז דו וועסט זיין מיט זיבן קעפּ, וועסטו זיך פון מיר ניט אַרויס־דרייען!... מענדעלי, כ'קאָן רוהיג שלאָפן. אַז דו וועסט דאַרפן, וועסטו מוחל זיין, מיך אויפוועקן!“...

נאָר ערגעץ וואו הינטער דער פאַרביגער ראָטע, פאַרקוועטשט הינטער די בייכינע און רייכע ווערטער, שטייט זיך, נעבעך, אַ פאַרשעמט ווערטעלע, אַ באַ־שיידנס, אַ קליינס, אַ צאַרטס, אַ ציטערדינס. עס

פילט זיך שלעכט צווישן אַזאַ'ן עולם מיט גבירים. דאָס פינגערל אין מיילעכל... טרערן שטייען אים אין די אויגן.

דערזעה איך עס — לאָז איך שטיין אַלע זיינע קאָנקורענטן און גיב אים אַ וואונק מיט איין אויג און מיט איין פינגער:

— אַ קום נאָר אַהער, קליינינקער! שעם זיך ניט, נעהענטער, נעהענטער. אָט אַזוי! נאָר דיך, טייערינקער, דאַרף איך האָבן. נאָר דיך!

### 3. זעליג דער קורצער און אַלטער דער הויכער.

מענדעלי אַליין אַן אמתער מייסטער מיט אַ שטאַרקן זעלבסטבאַוואוסטזיין האָט בטבע ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די קריטיק פון אונזערע גריבלעריגע, קריינקליכע נאַטורן, וואָס רק זיי קראַצן און רק זיי זוכן; קייען שטענדיג שאָלעכץ, און דאָס געזונטע, קערניגע זעהען זיי איבערהויפט ניט.

צי אַזעלכענע איז ער געווען זעהר האַרט, אָפט מאָל — אַן אכזר.

דאַרף זיך איינמאָל אָפּזוכן אַ ייד פּייטעלזאָן פון יעקאַטערינאָסלאַוו, וועלכער איז באַקאַנט געוואָרן אין דער העברעאישער ליטעראַטור מיט זיינע קריטישע, מ'שטיינס געזאָגט, אַרטיקלען וועגן יונגען דור שרייבער. אַ קריינקליכע פּערזאָן איז עס געווען, מיט

נריבלענדינע נייגונגען. קורצזיכטיג און איינגעבוויגן. פאַרקאַטשעט איינמאָל אָט דער זעלבער פייטעלזאָן די אַרבל און שרייבט אָן ערגעץ וואו אַן אַרטיקל וועגן זיידנס ווערק.

לויט דעם דאָזיגן אַרטיקל איז אויסגעקומען, אַז מענדעלי איז נאָר פון אַן אַנדער אָפּגעשטאַנענער וועלט, וועלכע שמעקט מיט באָר און מיט ציבעלעס וכרומה נאָך אַזעלכע מיני יידישע געווירצן. אָט אָבער, אַז מענדעלי וואָלט געגאַנגען לערנען אין חדר ביי דער מומע אייראָפּע און וואָלט ווערן אַ מענש, אַזוי ווי פייטעלזאָן פאַרשטייט עס... דאַן...

קיינער פון מענדעלים געטרייע לעזער האָבן דעם אַרטיקל ערנסט ניט באַטראַכט. אַ סך האָבן אים גאָרניט באַמערקט. דעם זיידן האָט דאָס אָבער פאַרדראָסן. קומט אַמאָל דער פאַרפאַסער פונם דאָזיגן אַרטיקל קיין אָדעס און פרעגט זיך נאָך דעם זיידנס אַדרעס. זאָגט מען פייטעלזאָנען: „גייט ניט! דער זיידע איז ברוגז"... מאַכט פייטעלזאָן: „ס'טייטש! פאַרוואָס ברוגז? אדרבא. ער האָט דאָס דאָך מחמת ליבע געשריבן... די „קריטיק" קאָן זיך ערלויבן... אדרבא". זאָגט מען אים נאָך אַמאָל: „גייט ניט!" בלייבט עס דערביי.

אָבער מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זיצט דער פאַר־שטאָרבענער שריפטשטעלער לעווינסקי און נאָך עטליכע ליטעראַטן ביים זיידן. טראָגט מען אַריין אַ וויזיט־קאַרטע: פייטעלזאָן. גיט דער זיידע אַ ציה מיט דער נאָז און אַ פרעג פאַרוואונדערט: „וועלכער

פייטעלזאָן, אַשטיינגער?" מאַכן צו אים די געסט:
„אַפּנים, דער קריטיקער פייטעלזאָן". קוקן זיך
איבער. גייט צו אים מענדעלי אַרויס אין פאָדער־
צימער. קוקט אים אָן פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן
אַרויף. אַ נידעריגער, אַביסל דערשלאָגענער מענש
איז פאַר אים געשטאַנען: פייטעלזאָן. מענדעלי אַנט־
קעגן אים אַ ריז מיט ברייטע פּלייצעס, אַלט און
שטאַרק ווי אַ דעמב.

— איר ווייסט! — מאַכט צו אים מענדעלי אָהן
איבעריגע הקדמות — ביי אונז אַמאָל אין קאַפּוליע
איז געווען אַ בעדער, זעליג דער קורצער האָט ער
געהייסן, קורץ ווי אַ דייזשקע אויף קרומע פיסלאַך.
און אַ גביר אין שטעטל האָבן מיר געהאַט: עוג
מלך הבשן! אַלטער דער הויכער האָט ער געהייסן.
ערב יום־טוב פלעגט אַלטער דער הויכער קומען אין
דער קאַפּוליער באָד אַריין און זעליג דער קורצער
פלעגט אים וואַשן. מילא, אָנזייפן אַליין איז נאָך
אַראָפּ ווי ניט איז. שטעלט אייך אָבער פאָר די
סצענע, ווען נאָכן פאַרען און אָנזייפן פלעגט זע—עליג
דע—ער קו—ורצער דאַרפן אָפּגיסן אַ—אַלטער דע—עם
הוי—יכן מיט אַ—אַ שע—עפל וואַ—אַסער...

דערביי איז מענדעלי מיט איין פוס אַרויפגע־
קלעטערט אויף אַ שטול, נאָכמאַכנדיג ווי אַ קורצער
וויל געבעך ווערן הויך און קאָן ניט, ווי זעליג דער
קורצער וויל דערלאַנגען דעם גבירס קאָפּ...

— צוליב וואָס דערציילט איר מיר דאָס? —
פרעגט פייטעלזאָן דערשראָקן.

דער זיידע האָט אים אָהן הקדמות דערקלערט:

— ווילט איר, הייסט עס, אָפּגיסן מענדעלין מיט אַ שעֿ—עפּל קאַלט וואַ—אַסער?...

דערבײַ האָט זיך דער זיידע אויסגעדרייט מיטן רוקן און אַוועק, איבערלאָזנדיג פּייטעלזאָנען איינעם אַליין אין פאָדערצימער.

אַ קורצע צייט נאָך דעם דאָזיגן וויזיט האָט זיך פּייטעלזאָן פאַרסמט. די, וואָס זיינען געווען בײַ דער סצענע מיט דעם „שעפּל וואַסער", האָבן נאָכ־לאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז דאָס האָט זיך דער קריטיקער גענומען צום האַרצן מענדעלים שאַרפן טאָן... אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט, האָט זיך פּייטעלזאָן שטענ־דיג אַרומגעטראָגן מיט פינסטערע געדאַנקען. איך האָב אים גוט געקענט. דאָס איז געווען אַ קראַנקער מענש, אַ גרויסער מעלאַנכאָליקער. אין געשפּרעכן האָט ער שטענדיג געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ער וועט פריהער־שפּעטער אַוועק פון לעבן, איידער מען וועט אים הייסן גיין.

## 4. די קריהע גייט!

מענדעלים זכרון איז אויף דער עלטער שוואַך געוואָרן. וואָס שאַרפער אַ מעסער איז, אַלץ לייכ־טער קאָן ער טעמפּ ווערן. זיין פאָרשטעלונג איז אָבער געבליבן שטאַרק, רייך אין בילדער און אין פאַרבן און פלעג לויפן פאָראויס זיין וואָרט. דערפאַר פלעגן אים אָפט מאָל אויספעלן די געוויינליכסטע

װערטער, די אײנפאַכסטע טערמינאָלאָגיע אויף דעם אָדער יענעם געביט. רײדן פּלעגט ער, כּמעט שטענ־דיג, היציג, מיט פײער; און פּלוצלינג אָנהױבן שטאַמ־לען און בלײבן שטײן װי פאַרטראַכט, די האַנט אויפן הויכן שטערן. ער פּלעגט פּרובן אָנטאַפּן דאָס ריכ־טיגע װאָרט, דעם פעלנדיגן נאָמען: נו, נו... אָפּט מאָל בעטן, מען זאָל אים העלפן דערמאָנען זיך. אַזױ לאַנג, אַזױ ברײט, ביז ער פּלעגט מיט פאַר־דראָס אַ מאַך טון מיט דער האַנט און אַ זאָג טון מיט אַ שטילן שטאָלץ, מיט אַ פאַרסורעט שמײ־כעלע:

— די קריהע גײט!...

דערמיט האָט ער געמײנט געבן אַ בילד פון אַ טײך, װען דאָס אײז ברעכט זיך און קריהעס לויפן אָן מיט האַסט אײנע אויף דער אַנדערער, ביז זײ פאַרשפּאַרן דעם שטראָם...

„די קריהע גײט!" — ס'הײסט, די בילדער און זכרונות זײנען אַזױ אָנגעלאָפן אין זײן אַלטן קאָפּ... און ניט מחמת שװאַכקײט, נאָר מחמת גבורה מוז ער אָפּװאַרטן, ביז די בילדער װעלן זיך אַביסל צענעמען און דער זכרון װעט זיך באַפרײען...

## 5. כ'האָב שוין מורא!

אין מענדעלים אויגן איז זעהר ניט כּשר גע־װען די קונצן־מאַכערײ פון די קלאָמפּערשט יונגע געלערנטע. אַז ער פּלעגט לײענען זײערע װיסנ־

שאַפּטליכע אַרטיקלען העברעאיש אָדער יידיש, זייער שווערע שמאַלציגע עברי מיט די לאַטיינערישע האַלבע און גאַנצע פראַזעס, מיט דעם רעש פון גרויסע נעמען און ציטאַטעס, פלעגט ער ווערן אין כעס. סקעפּ־טיש פלעגט ער עס ציטירן, הויך אויפן קול, און דערבײַ זעהר קאָמיש פאַרקרימען די נאָז:

— זעהט נאָר, זעהט נאָר, פלעגט ער נאָכ־קרימען, „גאָוואָריט", זאָגט ער, שאָפּענהויער, „גאָ־וואָריט", מאַכט ער, ניטשע, „גאָוואָריט", הייסט עס, קאַנט... אָבער וואָס „גאָוואָרעסט" דו? — פלעגט ער זיך ווענדן צום מחבר, פונקט ווי יענער וואָלט אים געשטאַנען פאַר די אויגן — אַליין, ברוך השם, האָסטו ניט וואָס צו „גאַוואָרען"...

אָפט מאָל פלעגט ער נאָך דערבײַ צוגעבן אַזאַ מין „זאָאָלאָגישן" פאַרגלייך:

די שרייבער, וואָס האָבן ליב צופיל אָנשפּאַרן זיך אויף פרעמדע ציטאַטעס, דאָס זיינען אַלע „ווייך־טירע", ס'הייסט, חיות אָהן ביינער. זיי האָבן ניט קיין אייגענעם חוט־השדרה, שפּאַרן זיי זיך אָן אַזעלכע, וואָס האָבן יאָ.

אַ דריטן מאָל האָב איך דעם זיידן געפונען לייענענדיג אַן אַרטיקל מיט זעהר קאָמישע גרימאַסן, אימפּראָוויזירנדיג דערבײַ דאָס געלייענטע, ווי אַן אַרטיסט אויף דער בינע.

— אַ — אַזוי!... פּלאַטאָן האָט געזאָגט, זאָגט ער... פּלאַטאָן?... אוי, איך בין שוין אומגליקליך! (דערבײַ האָט ער זיך געהאַלטן מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ)

וואָס ווייטער? קרע—עראָ קווי—יאַ אַבסורדום... לאַנ־
טיין? כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, כ׳האָב שוין
מורא... (דערבײַ האָט ער זיך גענומען אָפּרוקן פון
זשורנאַל אָן אַ זייט), כ׳האָב שוין גאָר מורא אָנ־
צוהויבן זיך מיט אים...

דערבײַ האָט מענדרעלי געמאַכט אַ געזיכט פון
אַ מענשעלע, וואָס דערזעהט אַ לייב אין דער מדבר.
ס׳איז כּדאי געווען צו זעהן דערבײַ זיינע שאַרפינקע,
לאַכנדיגע שוואַרצע אויגעלאַך, וואָס האָבן יונג און
שטיפעריש געפינקלט פון זיין ראָזיג פּנים מיט די
שניי־ווייסע האָר און באָרד.

## 6. ווען מען אָפּגעבן אַ גרוס אין ארץ ישראל?

צווישן דער גרופּע „חובבי שפת עבר" אין אָדעס
און צווישן מענדרעלין איז עפּעס פאָרגעקומען. אָנגע־
הויבן האָט זיך דאָס, ווי שטענדיג, פון אַ קלייניג־
קייט און געענדיגט האָט זיך עס מיט אַ שטאַרקן
ברוגז. די פּרטים זיינען מיר ניט באַקאַנט. איך
ווייס נאָר, אַז עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די
„חובבים" האָבן ניט דערלאָזן אויסקלייבן מענדרעלין
אַלץ אַן ערן־פאָרזיצנדן פונם העברעאישן פאַראיין.
מענדרעלי האָט דערפון קיינמאָל ניט גערעדט, נאָר
פאַרגעסן האָט ער עס ניט. ער האָט זיין כּעס
אויסגענוצט, אַזוי צו זאָגן, אין אַ קינסטלערישער
פאָרם.

איינמאָל איז צו מענדעלין געקומען זיינער אַ באַקאַנטער יונגערמאַן, וועלכער איז געפאָרן באַזעצן זיך אין ארץ ישראל. ביים געזעגענען זיך האָט ער ביים זיידן געפרעגט, וועמען ער זאָל דאָרטן אָפּגעבן אַ גרוס.

— וועמען זאָלט איר אָפּגעבן אַ גרוס? — פרעגט מענדעלי איבער און טראַכט אַ ווײַלע, — איר ווייסט דאָך, די וועלט איז איינגעטיילט אין דומם, צומח, חי ומדבר. ס'הייסט, זי באַשטייט פון טויטע שטאָפּן, פון שפּראָצנדיגע, פון לעבעדיגע און פון רייידנדיגע... איז אָט, אויב איר וועט אין ארץ ישראל טרעפן אַ דומם... דוממים האָט איר דאָרטן אַ סך... שטיינער, ביינער, חורבות... בערגלאַך זאַמד — זאָלט איר זיי, למען השם, איבערגעבן אַ ברייטן גרוס אין מיין נאָמען. נו, טאָמער דערזעהט איר דאָרטן וואו ניט וואו אַ צומח... אָט, אַ טייטל־בוים, אַ פרישן אתרוג־בוים, אַ מילגרוימיכע, אַ הדס... אַוודאי און אַוודאי דאַרפט איר זיי פון מיר אָפּגעבן אַ שלום־עליכם. נו, אפשר וועט איר, אויסער דעם, באַגעגענען אַ חי, אַ יידישע בהמה אַ צנועה, אַ יידישע ציג מיט אַ באָרד, וואָס שטייט אין מעלה־גרהט איבער די באָקסערן, מיט וועלכע זי האָט זיך אָקאָרשט אָנגעגעסן... מהיכי תיתי... אַ בעל־חיים אין ארץ ישראל... גריסט זיי! פאַרוואָס ניט? נאָר טאָמער באַגעגנט איר דאָרטן אַ מדבר... אַ מדבר־עברית הייסט עס... אַ חובב, וואָס חובבט „מעד" און רעדט העברעאיש, אַזעלכן קאָנט איר

דורכלאָזן אָהן אַ גרוס. איך וועל אויף אייך קיין פּאַראיבל ניט האָבּן!

## 7. וואָס אַ ייד פאַרגינט זיך.

צווישן די, וואָס האָבּן מענדעלין אויסגעשלאָסן פון דער אָרעסער גרופּע „חובבי שפת עבר״, איז אויך געווען דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן פראַנקפּעלד. ער איז בּשעתן קריג געשטאָרבּן. אויבּ איך האָבּ ניט קיין טעות, איז פראַנקפעלד געווען איינער פון די הויפּט־אָנפירער אין דער „קאַמ־פּאַניע״ קעגן מענדעלין אינם פאַראיין. געווים איז דער גאַנצער קריג מיט מענדעלין געווען געשמאַקלאָזיג.

איינמאָל איז איינער אַ באַקאַנטער שריפטשטעלער אַריינגעקומען צו מענדעלין באַזוכן אים. דאָס איז געווען דוד פרישמאַן.

גייט אים מענדעלי אַרויס אַנטקעגן מיט אַ טענה, פונקט ווי זיי וואָלטן שוין פון פריהער אָן געהאַלטן אין מיטן שמועסן:

— ווי געפעלט אייך, פרישמאַן, אַזאַ מעשה? ראָטשילד... דוכט זיך, ראָטשילד. ווער קאָן זיך פאַרגלייכן מיט ראָטשילדן? איז ראָטשילד האָט קיין איינציגן פּ׳ אין זיין פאַמיליע. פּאַריז!... אַזאַ שטאָט ווי פּאַריז... איין פּ׳! און ניט אַ פּיי, נאָר אַ פּ... מיט אַ דגוש... און אָט אַזאַ ייד ווי פּפראַנק־פּפעלד האָט גאַנצע צוויי פּייען! וואָס זאָגט איר, וואָס אַן אָרעסער ייד קאָן זיך פאַרגינען??

## 8. די אַמאָליגע און די מאָדערנע חוה.

אין איין שיינעם פֿאַרמיטאָג האָבן מיר שפּאַצירט צווישן די געדיכטע אַלייען אין פּאַרק מאָן־רעפּאָ אין זשענעווע (שווייץ). דערזעהען מיר דאָרטן צוויי אונטערגעשאָרענע מיידלאַך פונם טיפּ קורסיסטקעס, וואָס שפּאַצירן כלומרשט אַרום אַ בוים מיט בליהענדיגן בעז, און אַ כוונה האָבן זיי גאָר אַראָפּ־צופליקן אַ בליהענדיג צווייגל... ווי נאָר זיי האָבן אונז דערזעהן פון דערווייטנס, האָבן די מיידלאַך געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז מיינען זיי גאָר אָנ־קוקן דאָס שענע בליהעכץ און מער גאָרניט. מענ־דעלי מיט זיין שאַרפן בליק האָט פון דערווייטנס דערקענט אַלע העויות זייערע און האָט זיך גע־מאַכט כלא ידע. פלוצלינג גיט ער מיך אַ פרעג:

— אפשר ווייסט איר, וואָס מיינען דאָרטן די מיידלאַך מיט זייער אָנקוקן די נאַטור, דעם בוים הייסט עס?

— ווילן ווילן זיי אָפּפליקן אַ פּאָר בלומען... און האָבן מורא.

— מורא? וואָסי? פאַר וועמען, אַשטייגער, האָבן זיי מורא?

— מסתמא פאַרן שומר פון פּאַרק. כ׳האָב גע־הערט, אַז זעקס פראַנק שטראָף מוז באַצאָלן דער, וועלכער פליקט דאָ אָפּ אַפילו איין איינציג בלימל.

— נו, איז וואָס? — גיט זיך מענדעלי אַ „בייזער“ — און אַז זעקס פראַנק, און אַז זעכציג פראַנק?

— אויך מיר ווײַבער, אויך מיר חוהס טעכטער! — האָט ער אויף זיי צוגעשאָקלט רחמנותדיג מיטן קאָפּ — חוה זייער באָבע, אַ ליכטיגן גן ערן זאָל זי האָבן, איז שוין געווען העלדישער פאַר זיי. גאָט האָט איר מתרה געווען: „אינם טאָג, וואָס דו וועסט עסן פון בוים, וועסטו שטאַרבן"... און זי האָט פאָרט גענעסן און דעם מאַן איינגערעדט, ער זאָל אויך עסן, און נאָר כּדי צו פאַרזוכן דעם טעם פון אַן עבירה, כּדי פאַרזוכן... און אָט יענע דאָרטן, אונזערע מאָדערנע חוהס מיט די אונטערגעשאָרענע צעפּלאַך... אַז אָך און אַז וויי! זעקס פראַנק שטראָף! מ—נאַ.

## 9. די נאַטור אין לאַץ.

די ליבע פונם זיירן צו אַלץ, וואָס וואַקסט און בליהט, איז געווען אַן אומגעוויינטליכע. כּמעט אַ פּיזישע ליבע איז עס געווען. מיט אויגן פון אַ ריידנדיגן אויף זיינע שטומע ברידער האָט ער גע־קוקט אויף גרינע בוימדלאַך, אויף האַלב אויפגע־עפנטע בלימלאַך. מער פעלט אייך ניט, איר זאָלט פאַר אים אין די אויגן אָפּרייסן אַ פרישׂ צווייגל, אָפּשניידן אַ בלום און אַריינשטעקן אין קנאָפּ־לאָך! איר וועט זיך אים שוין ניט אויסצאָלן.

— המ... איר זענט, הייסט דאָס, אויך איינער פון די, וואָס שטעקן די „פּריראָדע" אין לאַץ

אַריין?... גיט ער אייך אַ פרעג אַזוי פון דער זייט און קוקט אַביסעלע אַריבער די שפּאַקולן און אַזוי, אַז איר מוזט זיך פאַרשעמען.

איינמאָל בשעת אַ „באָטאַנישן" שמועס זאָג איך צו אים:

— איך רעכן, זיירע, אַז פלאַנצן האָבן עפּעס אויך אַ געפיל פון ווייטאָג, ווען מען שניידט זיי, ווען מען ברעכט זיי אָפּ. פּאַמעליך, פּאַמעליך קומט אָן זייער ווייטאָג, אַ סך, אַ סך לאַנגזאַמער, ווי בײַ אַ באַשעפעניש מיט אַ נערוון־סיסטעם, אָבער קומען קומט ער אָן. נאָר מיר, לעבעדיגע, קאָנען דאָס דאָזיגע געפיל ניט באַגרייפן. כּדי צו באַגרייפן אַזעלכעס, מוזן מיר האָבן קרעכצן, קאָנוואולסיעס, בלוט..

— וואָס הייסט? — מאַכט צו מיר מענדרעלי מיט אַזאַ טאָן, פּונקט ווי איך וואָלט אים אויפגעטאָן אַ נייע און טיפע חכמה, ווי אַשטייגער, שניי איז ווייס און וואַסער איז נאַס... — פלאַנצן, דאָס זיינען דאָך אָ ר ג אַ נ י ש ע באַ ש ע פ ע נ י ש ן, וועלכע באַשטייען פון אָרגאַנישע קאַמערלאַך: א ו נ ז ע ר ע אָ ר ג אַ נ י ש ע ב ר י ד ע ר!

דערבײַ האָט מענדרעלס פּנים אויסגעדריקט עפּעס אַזוינס, פּונקט ווי אין זיינע אָדערן וואָלט געראָנען אַ קלאָרער, קילער זאַפט, און אויף זיין אַלטן, גלייכן און גרייז־גראָהען קאָפּ וואָלטן געוואַקסן יונגע צווייגן מיט רוישנדיגע בלעטער.

## 10. אַ מלך און אַ מלכּה.

— כי — כי — כי...

מענדעלי פּלעגט זיך אָפּט מאָל, אין מיטן שווייגן, צעלאַכן מיט אַן איינגעהאַלטענעם דינינקען געלעכ־טערל. אָדער ער גיט זיך אַ כאַפּ פאַרן נאָז מיט צוויי פינגער, דרייט זיך אויף איין אָרט ווי אַ דריידל, גיך, גיך אויף וויפיל זיין עלטער האָט אים ערלויבט און לאַכט דערבּיי מיט אַ דערשטיקט קולעכל. און אַז איר קוקט אים אָן פאַרוואונדערט און נייגעריג, בּלייבּט ער שטיין, גלייכט זיך אויס און פאַלט אייך אַריין מיט אַזאַ אָדער מיט אַן ענליך בּילד:

— איר ווייסט, אַשטיינער, ווי אַ ליטווישער מגיד גיט אַ משל אין אַ דרשה און מאָלט אייך אויס אַ מלך מיט אַ מלכּה? איר ווייסט ניט?...

זיצן זיך אַזוי דער מלך און די מלכּה בּיים טיש, איינער אַנטקעגן דער אַנדערער, די קרוינדלאַך אויף די קעפּ, און... קיניגן.

נעמט דער מלך די בּאָרד אין האַנט, גיט עס אַ גלעט און אַ בּיס דעם שפּיץ, און ווענדט זיך צו זיין מלכּה:

— הער נאָר, מיין ווייבּ, וואָס האָסטו היינט געקאָכט וואַרמעס?

ענטפערט די מלכּה:

— וואָס זאָל מען קאָכן? טייגלאַך מיט בּעבּלאַך האָבּ איך געקאָכט!...

## 11. אַ „בורא־מיני־מזונותל“.

איינמאָל איז געקומען צו רייד וועגן דער יידישער געטאָפּסיכאָלאָגיע: אַ געמיש פון גאָטספאָרכטיג־קייט און פּראַקטישקייט; פון עולם הבא און עולם הזה; אַ מין משונהדיגער סיאַמעזישער צווילינג, וועלכע קומען אויס צווישן זיך זעהר גוט. איינס שטערט ניט דאָס צווייטע. אָפּט מאָל דערגייט עס צום אַבסורד, צו אַ פאַרזעהעניש. אַזוי קאָנען מיר זיך אויסמאָלן אַ יידישן פּראָצענטניקל, וואָס בענשט נאָכן אָקאָרשט געגעסענעם מיטאָג, געבן אים שטייט אַ יידענע אַן אַלמנה און בעט זיך, ער זאָל אַזוי גוט זיין אָפּ־וואַרטן אַביסל מיט דעם וואָכער. און מחמת ער טאָר ניט מפסיק זיין, בענשט ער און ציילט איר דערביי אויף די פינגער: בחן, בחסד, ברחמים, רבים... און אַזוי ווייטער. דאָס איז ניט קיין צביעות. ער איז ערליך, סיי אין בענשן, סיי אין ציילן די פּראָצענטן אין איין און דערזעלבער צייט. גענוי אַזוי „ערליך“ איז דער מאַרוויכער, וועלכער נעמט צו שבת אַ גנבה פון זיינעם אַ „קונד“. ער נעמט עס צו מיטן ברעג טלית, ווייל האַלטן מיט דער בלויזער האַנט טאָר מען ניט, ס׳איז מוקצה... (ביי ווייסענבערגן). דערזעלבער משונהדיגער גייסטיגער צווילינג איז צו זעהן אויך ביי יענקל שאַפּשאָוויץ אין שלום אַשס „גאָט פון נקמה“.

— וואָצו זאָלן מיר דאָס זוכן ביי אַזעלכע פיינע לייט ווי יענקל שאַפּשאָוויץ? — גיט מענדעלי אַ רייד

און אַ ברייטער שמייכל צעגיסט זיך אים איבער די רינע ליפּן, דאָס איז צו זעהן אַפילו פונם „בורא מיני מזונותל“...

— וועלכער „בורא מיני מזונותל?“

— אויף אַ יידישן ברית... ווען מע דערלאַנגט צום טיש די שענע טייגלאַך געפּרעגלט אין מאָן און אין האָניג... און דאָס איז שוין אַלעמען ידוע, אַז אַזעלכענע טייגלאַך זיינען פאַרקנאָטן אויף גאָלע אייער און מע דאַרף זיך אויף זיי ניט וואַשן. די ערשטע שטרעקן אויס זייערע הענט נאָך די טייגלאַך די „פּני“ פון ברית, מרא־דאתראניקעס, יידן מיט תורה. נאָר איידער זיי מאַכן די ברכה, נעמט מען דרייען דאָס שטיקל טייגל מיט די פינגער, מע בורקט עס, ווי אַ שוחט אַ לונג און לעבער. בערד און פאות נעמען זיך צוזאַמען אין קרייז, אויגעלאַך פינקלען, גערגעלאַך לויפן אַרויף און אַראָפּ, און ס׳הויבט זיך אָן אַ באַלעבעטשעריי: דאַרף מען זיך יאָ וואַשן אָדער ניט וואַשן... מער ווי אַ כזית, ווייניגער ווי אַ כזית... אַפילו ס׳איז פאַרקנאָטן אויף ביצים, איז אָבער אפשר דאָ אַ חשש פון מים... אַפילו דער „באר מים חיים“ זאָגט... נאָר „חיי אדם“ שטעלט זיך אַוועק... אמת, מחמת טרחה קאָן מען מיקל זיין... און דאָס טוען קלוגע יידן, וואָס ווייסן, אַז אייער־טייג איז שוין דורכגעגאַנגען אַלע אינ־סטאַנצן פון „מיראָוואָי סודיאַ ביזן סענאַט“, פון, להבדיל, דעם רמב״ם ביזן שולחן ערוך. איז, דוכט

זיך, אַ סך גלייכער: האָסטו גענומען אַ שטיקל טייגל אין האַנט, מאַך אַ ברכה און נעם און פּרר— ע—עס! (דאָס האָט מענדעלי אַרויסגערעדט מיט קאָמישער וואוט) ניין... מע מוז זיך טיילן מיט דעם שטיקל טייגל מיטן רבונו של עולם, מע דרייט עס ווי כשוף־מאַכער... יאָ בורא מיני מזונות, ניט בורא מזונות... סע דרייט זיך ווי אַ „בורא מיני מזונותל" צווישן די פינגער... ביז... עס ווערט ניט גוט קוקנדיג סיי אויף זיי, סיי אויף די טייגלאַך.

— זיירע — האָט זיך דער צוהערער לאַכנדיג אָפּגערופן — אַ טיש, וואָס מען האָט אויף אים געגעסן און ניט גערעדט קיין דברי תורה, איז פּונקט, ווי מ׳זאָל עסן פון עבודה זרה... אַ בפירושע שטעלע. ניכער צווינגט אָט ד אָ ס די פרומע גוטע לייט ביים ברית צו מאַכן אַזעלכענע אָנשטעלן...

— ניי—ן... האָט מענדעלי לאַנגזאַם געענטפערט, — אַ תירוץ, פאַרשטייט זיך, קאָן מען געפינען. ס׳איז אָבער פאָרט דער „בורא מיני מזונותל". איר זייט נאָך ניט דערגאַנגען דעם סוד פון אַ „בורא מיני מזונותל" אויף אַ יידישן ברית...

## 12. אַ וואָראָבייטשיקל.

אין זשענעווע, אין ענגלישן פּאַרק, בין איך איינמאָל געזעסן מיט מענדעלין אויף אַ באַנק און געוואַרעמט זיך אין דער ערשטער ווסנע־זון.

מענדעלי איז געזעסן אין זיין געוואַנטענעם האַלב־צילינדער־הוט און עפּעס געטראַכט.

אַ וואָראָבייטשיקל אַ קליינס, גראָהס איז אַראָפּ־געפלויגן צו אונזערע פיס און גענומען באָדן זיך אין אָנגעוואַרעמטן זאַמד. דערנאָך איז עס אַ ווײַלע געבליבן זיצן, ווי אַ קינד אין וואַנע, און אָנגעקוקט אונז פון אונטן אַרויף מיט שפּיציקע פייגלשע אייגעלאַך. אַזוי פיל קאָמישע קינדערשע גוטמוטיג־קייט איז געווען אין זיין קוקעלע, וואָס איז געווען דערצו נאָך פאַרשטשורעט פון דער זון. ער האָט, רוכט זיך, געוואָלט זאָגן:

— אייך, מענטשן, איז גוט; מיר, מ'שטיינס גע־זאָגט, נאָטס באַשעפעניש איז אויך גוט. לאָמיר לעבן בשלום!

מענדעלין האָבן פּלוצים גענומען רינען טרערן פון די אויגן. ער האָט אַרויסגעצויגן זיין שניי־ווייס טיכעלע און גענומען טריקענען זיך די טרערן אונטער די שפּאַקולן.

— וואָס איז, זיידע?

ער האָט מיר אָנגעוויזן אויפן וואָראָבייטשיקל און מיט אַ ווייכהאַרציגער, צעוואַרעמטער שטים גע־נומען ריידן:

— ניט נאָר אַ קוק... סע לעבט... סע וויל לעבן. ס'בעט זיך... אַ יתומל אין גאָטס וועלט... אַ פּיטשי־מאָנטשיקער... אַ ברעקעלע... טשעפּעט מיך ניט... טשעפּעט מיך קיינמאָל ניט... כ'בין גאָטס מיזיניקל...

וויפיל דאַרף איך דען אויף דער ערד?... אַ שטיין קאָן צעגיין... אַ צער בעל חיים!...

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי ווען אַן אַלטער יוסף לאָזט זיך דערקענען צו זיין פאַרפאַלענעם שטומען ברודערל אין דער נאַטור, וועלכן ער האָט אָקאָרשט דערקענט, אינם אָנגעוואַרעמטן זאַמד צו זיינע פיס.

## 13 פּאָסטאָיאַלצעס.

מענדעלי איז געווען אַ זקן אַ ייד. ער האָט דערציילט, אַז ער איז איבער אַכציג. נאָר מענשן, וואָס קענען אים, האָבן געמאַכט אַ רעכענונג פון איבער ניינציג...

מענדעלי איז נאָך כמעט ביז עטליכע חדשים פאַר זיין פטירה געגאַנגען גלייך, מיטן רוקן אויסגעבויגן אויף הינטן. ח. נ. ביאַליק האָט אויף דעם געמאַכט אַ וויץ, אַז אינם זיידנס עלטער האָבן זיך איבער־געביטן די יוצרות. אַלע אַלטע לייט, וואָס עלטער זיי ווערן, אַלץ מער בויגן זיי זיך איבער נאָך פאָרנט, און מענדעלי — וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ מער בויגט ער זיך איבער אויף הינטן...

דער זיידע־פלעגט אַלע אין דערפריה, סיי זומער, סיי ווינטער, נעמען אַ קילע וואַנע און האָט זיך שטענדיג געפילט פריש. האַלב וויציג, האַלב ערנסט האָט ער זיך ניט איינמאָל אויסגערריקט, אַז... אָהן

הונדערט צוואַנציג גיט ער זיך ניט אונטער... ער האָט מיט דעם רבונו של עולם אַ קאָנטראַקט...

אַזוי האָט ער נאָר געדערט. נאָר ערגעץ וואו, טיף אין האַרצן האָט ער געגלויבט, אַז ער וועט לעבן און לעבן און ס'וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיגן. ווי אַזוי דאָס וועט געשען, קאָן מען ניט וויסן. אַלע — יאָ, ער — ניט... דאָס האָט מען געפילט אין זיין גאַנצן האַלטן זיך, אין זיין באַהאַלטענעם שמייכעלע אין די אויגן־ווינקלען, ווען ער האָט געקוקט אויף יינגערע פון אים, קריינקליכע...

קיין איינציגער צאָן איז אים שוין לאַנג ניט געבליבן. נאָר ווי ביי אַלע אַלטע לייט, האָבן זיך אים די יאַסלעס אַזוי אַנטוויקלט און פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, אַז ער פלעגט מיט זיי קייען אַזוי גוט, ווי מיט ציין. סיידן ער פלעגט ריידן. אַזוי איז ניט געווען קענטיג, ווייל די באַקן זיינען אים געבליבן נאָרמאַל, אָהן איינגעפאַלענע פאַרקנייטשטע לעכער.

בקצור, ער האָט גענומען, אַפּנים, קוקן אויף ציין, ווי אויף אַן איבעריגער זאַך, ווי אויף אַן עפּיזאָד, וואָס קומט אָן און גייט אַוועק אין לעבן.

איינמאָל, ווען ס'איז אויסגעקומען ריידן מכּח ציין, מאַכט ער:

— ציין, דאָס זיינען דאָך „פּאָסטאָיאַלצעס“, שטייען איין און גייען אַוועק. און אַז פּאָסטאָיאַלצעס גייען אַוועק, ערשט דאַן ווערט גרוימיג אין שטוב. ניטאָ קיין איינגשאַפּט, קיין וויטאָג... אַ ליכט אין די אויגן!

## 14. „ער איז געקומען זיך געזעגענען!“

פונדעסטוועגן, אַז מענדעלי פּלעגט עפּעס קראַנק ווערן, פאַרקילן זיך אָדער גלאַט פילן זיך שלעכט, פלעגט ער זיך איינוויקלען אין דער באָבעס וואַלענער פאַטשיילע, אַריינלייגן זיך מיט זיין לאַנגען גוף אין בעט און פלעגט פאַר זיך שטילינקערהייט קרעכצן. זיין בטחון, אַז ער, מענדעלי, וועט אומגיין דאָס, וואָס וועט אַמאָל קומען, וואָס מוז אַמאָל קומען, האָט זיך, אַפּנים, אַ שאָקל געטאָן. ליגט ער זיך אַזוי מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיפצט מיט אָפּגע־האַקטע דערשראָקענע זיפצעלאַך:

— מאַמע, אוי, מאַמע, מאַמע, אוי, מאַמע...

דעם זעלבן געפיל פון באַהאַלטענער מורא פאַר דעם, וואָס מוז אַמאָל קומען, האָב איך איינמאָל דערשפּירט ביי מענדעלין און דוקא אין אַ זומער־טאָג און דוקא, ווען די זון האָט געלויכטן, און דער זיידע איז געווען קערן־געזונט. איך בין דאַן צו אים אַרויפגעשפּרונגען אָפּגעזעגענען זיך מיט אים, ווייל אין עטליכע שעה אַרום האָב איך געמוזט אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד. דאָס איז געווען אין אָדעס.

געפונען האָב איך דעם זיידן אין זיין גרויסער ביבליאָטעק, אויף ריעגטיאַרנע נומער 4, ביי אַ ספר און ביי אַן אָפּגעקילטער גלאָז טיי.

איך האָב אים גלייך דערקלערט, אַז איך בין אַרויף נאָר אויף אַ פּאָר מינוט.

מענדעלי האָט ניט ליב געהאַט אַזעלכע גע־כאַפּטע וויזיטן. ער האָט בכלל ניט ליב געהאַט לעבן אין איילעניש, שרייבן אין איילעניש, שמועסן אין איילעניש.

האָט ער מיר אַביסל ברוגזדיג אַ זאָג געטאָן:

— היינט צוליב וואָס זייט איר אַרויף?

— זיידע, איך בין אַרויף נאָר געזעגענען זיך מיט אייך, ווייל אין אַ פּאָר שעה אַרום מוז איך אַוועקפאָרן.

דער זיידע האָט זיך אויפגעשטעלט, אָפּגעמאָסטן מיך מיט אַ דורכדרינגענדיגן בליק און... פּלוצלינג געלאָזן זיך לויפן איבער אַלע טירן, איבער אַלע צימערן פון זיין וואוינונג. לויפט און קלאַפּט מיט די טירן און רופט דער באָבען הויך אויפן קול, רעמאָנסטראַטיוו:

— פעסיניו, פעסיניו! וואו ביסטו דאָרטן? נאַ, הערסט? מען איז זיך געקומען „זעגענען" איז מען גע־קומען... קום גיכער, מען איז געקומען „זעגענען" זיך!...

פון זיידנס קול און פון זיידנס לויפן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיין „געזעגענען זיך" האָט אַרויס־גערופן נאָר אַן אַנדער שטימונג, ווי איך האָב גע־וואָלט. עס האָט ביים זיידן אַרויסגערופן אַ סיטואַציע מיט יעקב אבינו, בשעת ער געזעגנט זיך מיט זיינע קינדער; מיט משה רבנו, ווי ער געזעגנט זיך מיט יהושע בין נון.

זייט דעם, קומענדיג צופאָרן קיין אָדעס, בין איך צום זיידן קיינמאָל מער ניט געגאַנגען אָפּ־

זענענען זיך. איך פלעג עס אויסמיידן און פאַר־שווינדן אָהן אַ „זייט געזונט״! און דער ויירע האָט דערפאַר קיינמאָל קיין פאַראיבל ניט געהאַט. פאַר־קערט, דערזעו ענדיגט מיך פלוצלינג נאָך אַ סך חדשים ביי זיך אין שטוב, פלעגט ער מיך אויפנעמען אַזוי, פונקט ווי ערשט נעכטן זיינען מיר זיך צעגאַנגען אין מיטן אַן אינטערעסאַנטן און איבערגעריסענעם שמועס.

## 15. אָט דאָס איז שוין מיין קראַסאַוויצע!

מענדעלי האָט אין זיין לעבן צוויי מאָל חתונה געהאַט. דאָס ערשטע מאָל ערגעץ וואו אין וואָלין אויף אַ גבירס אַ טאָכטער, מיט עפּעס אַ פעלער. מיר רוכט: מיט אַ בעלמע אויף איין אויג. דאָס צווייטע מאָל אויף דער „באָבען״, ווי מיר האָבן זי אַלע גערופן. אַ הויכע, אַ מאָגערע יידענע פון בער־דיטשעוו מיט גרינליכע אויגן. זעהר אינטעליגענט און זעהר קאָרג. אויב זי איז אַמאָל געווען שען, דאָס איז, אונז יונגע, שווער געווען צו דערקענען, ווייל די באָבע איז געווען זעהר איינגעדאַרט ווי אַ מומיע. איך זעה נאָך עד היום פאַר די אויגן איר הויכע, איינגעבויגענע פיגור, אירע איינגע־שנירטע שטאָלצע ליפּן, איר אויסגעשטרעקטע מאָ־גערע האַנט, ווען זי דערלאַנגט טיי מיטן צוקער אין גלאָז און זאָגט אָפּ איר פּסוק:

— נאַטיע טשאַיו, פּעיטיע! (נאַט אייך טיי, טרינקט).

לעבן האָבן דער זיידע און די באָבע געלעבט בשלום. הלואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן. מיט דעם גרעסטן דרך ארץ איינער צום אַנדערן. קוקנדיג אויפן זיידן, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז אַ גליקליכערער אַלטיטשקער איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

איינמאָל אין זשענעווע, וואוהין דער זיידע איז אַנטלאָפן פון די פּאָגראָמען נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, זיצן מיר אַזוי ביי אים אין אַרבעטצימער. אַ קליינע גרופּע יונגע לייט סטודענטן און שמועסן. די באָבע איז אַוועק מאַכן טיי. פרעגט אונז מענדעלי, ווי מיר פאַרברייינגען דאָ די צייט. ענטפערט מען אים: גאַנץ גוט, גאַנץ פרייליך. מע מאַכט לאַנגע שפּאַצירגאַנגען אין די בערג. דער ווײַן אין די דערפלאַך איז גוט... מען זינגט. שיינע מיידלאַך איז אויך דאָ אַ סך.

מענדעלי האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און דווקא מיטן „שענעם מין", ווער זיינען זיי, ווי זיי זעהען אויס. יעדער האָט אָפּנהאַרציג דערציילט פון זיין „דולציניע".

דער זיידע האָט זיך דערוואַרעמט, איין בעקל האָט אים געגומען פלאַמען, און פּלוצלינג מאַכט ער, האַלב מיט געמאַכטן, האַלב מיט אמתן פאַרדראָס:

— און איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז פאַר אַן אומגליק! וואו אַ פּאַסקודסטווע, איז זי דאָ ביי מיר...

אין דער רגע איז אָנגעקומען די באָבע מיט צוויי גלעזער טיי אין ביידע הענט. ווי צוויי הבדלה־בעכער האָט זי עס געטראָגן.

האָט זיך מענדעלי אויפגעשטעלט איר אַנטקעגן, געמאַכט אַ מין קאָמישן רעווערענס און אָנגעוויזן אונז אויף איר מיט צוויי אויסגעשטרעקטע אָרעמס:

— אָט דאָס איז שוין מיין קראַסאַוויצע!...

— וואָ—אָס? וואָ—אָס?... האָט די באָבע אָנגעהויבן פאַרדעכטיג צו שטאַמלען.

דער זיידע איז גלייך רוהיג און בראַוו געוואָרן:

— גאָרנישט, פעסיניו, גאָרנישט.

די באָבע האָט אַוועקגעשטעלט ביידע גלעזער אויפן טיש, מיטן צוקער אין טיי, און אָפּגעזאָגט איר פּסוק:

— נאַטיע טשאַיו! פּעיטיע!

## 16. קוקט מיך אָן!

מענדעלי פלעגט זיך נאָר ביסלעכווייז געוויינען צו נייע מענשן. פאַר אומבאַקאַנטע איז ער געווען פאַרשלאָסן. מיט נייע באַקאַנטע פלעגט ער זיך באַנעמען העפליך, אָבער טרוקן. ווי יעדער קאַבינעט־מענש, וואָס איז שטענדיג אַריינגעטאָן אין זיין אינערליכער וועלט, האָט ער ניט ליב געהאַט אומגעריכטע פאַמילערע אורחים. און הויפּט־זאַכליך — ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן אַרבעט.

אין אַזאַ מאָמענט קלאַפּט מען אים איינמאָל אין טיר און מען זאָגט אים אָן די בשורה: אַ ייִד מוז אים זעהר נויטיג זעהן.

מענדעלי איז צו אים אַרויסגעגאַנגען:

— וואָס ווּעט איר זאָגן גוטס?

— איך בין דאָ אין אָרעם אונטערוועגס — האָט אים דער גאַסט אָפּנהאַרציג דערקלערט — איך בין אייערער אַ טרייער לעזער, אַ חסיד אייערער, האָב איך זעהר, זעהר געוואָלט אייך אָנקוקן...

— אַזוי! אָנקוקן?

מענדעלי האָט זיך פאַר זיין גאַסט געגומען דרייען אַרום זיך אַליין:

— אָט, אָט, ביטע, קוקט מיך אָן פון פאָרנט... אַצינד, זייט מוחל, פון דער רעכטער זייט. פאַר־טיג? און אָט האָט איר מיך פון הינטן. שוין?... איצטער, איך בעט אייך, די לינקע, די לינקע זייט. באַפרידיגט?

און דער זיידע לאָזט שטיין דעם אומגעבעטענעם אורח און גייט אַוועק גלייך צו זיך אין קאַבינעט אַריין.

## 17. גוואַלד... איר לאָזט דאָך גאָר אַ וואָרט ניט אויסריידן!

מענדעלי איז געווען אַ שטאַרקער פוסגייער. לאַנגע שפּאַצירונגען האָט ער ליב געהאַט דאָס חיות. אויף זיין אַלטן סוקעוואַטן, אונטן אָפּגע־

ריבּענעם שטעקן פלעגט ער זיך זעלטן אָנשפּאַרן.
ער פלעגט אים האַלטן גלאַט אַזוי אין דער לינקער האַנט.
די רעכטע האַנט אין בּוזעם. דעם שטעקן פלעגט ער נעמען אין דער רעכטער האַנט און אַראָפּלאָזן אויף דר׳ערד נאָר דאַן, ווען ער פלעגט דערזעהן, ניכער דערשפּירן, ניט ווייט פון זיך אַ קאַנאַווקע, אַ פאַררעכטיגן שטיין, אַ משופּעדיג בּערגל. אָפט מאָל פלעגט ער נאָך דערבּיי נעמען זיין בּאַלייטער אונטערן אָרעם... נאָר כּדי מען זאָל ניט מערקן, אַז דאָס טוט ער מחמת מורא געשטרויכלט צו ווערן, פלעגט ער דערבּיי אַריינפּאַלן מיט אַ פּאָר ווערטער, ווי איינער, וואָס בּינדט אָן אַן איבּערגע־ריסענעם שמועס:

— יאָ, איז וואָס האָבּ איך אייך געוואָלט זאָגן דערמיט...

— מיט וואָס??

— אָט מיט דעם... מכּח וואָס האָבּן מיר אָקאָרשט גערערט?

אָבּער ווי נאָר די קאַנאַווקע אָדער דאָס פּאַר־רעכטיגע בּערגל איז אַריבּער, פלעגט שוין מענדעלי ווידער אָפּלאָזן דעם בּאַלייטערס אָרעם, פלעגט שפּרייזן פראַנק און פריי, איין האַנט אין בּוזעם־קעשענע און מיט דער צווייטער געווינגט דעם סוקע־וואַטן שטעקן אָדער געקלאַפּט צום טאַקט אויף די שטיינדלאַך אין וועג.

רייזן האָט מענדעלי געקאָנט שעהן־לאַנג, ווי אַלע עלטערע קינסטלער און דיינקער, וועלכע קאָנען

נאָך געבן און ניט מער נעמען. זיי הייסן צופיל, זיי האָבן דערלעבט צופיל — ווילן זיי זיך נאָר אַרויס־זאָגן. אויסצוהערן דעם צווייטן, דעם יונגען דור, האָבן זיי מער קיין שום געדולד און קיין שום אינ־טערעס. זייער וועלט איז שוין אָפּגעשלאָסן, אויס־געפילט. אויך דער גרעסטער רעזערוואַר איז באַ־גרעניצט. נאָר די יוגנט איז עלאַסטיש און קאָן אויפנעמען מער, וויפיל זי באַדאַרף.

מאַכן מיר איינמאָל אַ לאַנגען שפּאַצירגאַנג צום פּטי־סאַלעוו (אַ באַרג אין זשענעווע). ביזן סאַלעוו איז אַ וועלכע אַכט קילאָמעטער, צוריק — אַכט קילאָמעטער. האָבן מיר אַ קימאַ־לן פון זעכצען קילאָמעטער. אַרויסגעגאַנגען זיינען מיר נאָך פריה־שטיק אַזיינער עלף. און געקומען צוריק אין שטאָט אַזיינער פיר—פינף נאָכמיטאָג. כמעט די גאַנצע צייט האָט מענדעלי דערציילט. איך בין געגאַנגען און זיך צוגעהערט און שוויינגדיגערהייט באַוואונדערט דעם זיידנס פיזישע קראַפט און אויסדויער. פאַר דער גאַנצער צייט האָט זיך מענדעלי נאָר צוויי מאָל צוגעזעצט אויסרוהען. די געשיכטעס פון זיין לעבן, זיינע ביבלישע, גראַמאַטישע, זאָאָלאָגישע און באָ־טאַנישע באַטראַכטונגען זיינען געווען אַזוי אינ־טערעסאַנט און אַזוי פאַרבנרייך, אַז איך האָב קיין שום חשק ניט געהאַט איבערשלאָגן אים אין מיטן. ס'האָבן זיך ביים זיידן, אַזוי צו זאָגן, מיט איין מאָל אויפגעשפּאַלטן אַלע קוואַלן און פאַרשפּרודלט מיט זייער שוים דעם שליאַך, יעדן בוים און שטיין און

פויגל — אַלץ, וואָס מיר האָבן באַגעגנט אויף אונזער שפּאַציר.

נאָר פאַרנאַכטליך, ווען איך האָב דעם זיירן צו־געפירט צו זיין הויז, האָב איך מיך דערפילט מיר און גענומען זוכן אַ מיטל ווי אָפּצושטעלן דעם זיירנס ברויזנדיגן געשפּרעך. מאַך איך:

— זיירע, אַנטשולדיגט, וואָס איך פאַל אייך אַריין אין די רייד. כ׳האָב אייך טאַקע געוואָלט זאָגן, אַז...

שלאָגט מיך איבער מענדעלי מיט באַהאַלטענער קפּידה:

— גוואַלד, ס׳אַראַ מאָדנער מענש איר זייט! איר לאָזט דאָך גאָר אַ וואָרט ניט אויסרייִדן...

ניט ווילנדיג האָב איך אויסגעשאָסן מיט אַ גע־לעכטער:

— עי, זיירע, דאָס איז שוין ניט ריכטיג, איך בעט אייך איבער, אָבער איר רעדט דאָך שוין, קיין עין הרע, אַ שעה פינף. איך האָב דאָך די גאַנצע צייט געשוויגן.

דער זיירע איז אַ ווילע שטעהן געבליבן פאַר־פּלעפט. עפּעס ווי אויפגעכאַפּט זיך פון טיפן טרוים. ער האָט זיך אַ ריב געטאָן דעם שטערן:

— יאָ, מאַכט ער, כ׳בין שוין אַ—לט!

דאָס איז געווען דאָס איין איינציגע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב מענדעלין געקענט, ער זאָל זיך מודה זיין, ער איז שוין אַלט.

## 18. ווי אַזוי עס וואַקסט אַן אוגערקע.

בּשעתן שפּאַצירן פלעגט מענדעלי קיין איין זאַך ניט דורכלאָזן אומבּאַמערקט. אַ בּוים: אַהאַ! אָט אַזוי וואַקסט ער, אָט אַזוי בּליהט ער! אַ פויגל דורכגעפלויגן: אַהאַ! אָט דאָס איז ער, אָט אַזוי לעבּט ער, אָט אַזאַ נעסט בּויט ער; אַ זשוק גראַבּלט זיך אין גראָז: אַ זשוק? ס׳קאָצל קומט! אַ גאַסט! און בּאַלד אַ פּרעס צו דעם האַלז, אַ מאַך מיט בּיידע אָרעמס, און מענדעלי ווערט אַ זשוק, אַן אמתער זשוק. נאָר אין גרויסן פאָרמאַט.

מענדעלי פלעגט מערקווירדיג קאָפּירן אַלע חיות און עופות און אינסעקטן, וואָס ער האָט געקענט פון זעהן אָדער וואָס ער האָט אַמאָל שטודירט, בּאַ׳ אַרבּעטנדיג אין העבּרעאיש זיין נאַטור־געשיכטע: „תּולדות הטבע“. וויל ער, ווערט ער אַ לייבּ מיט בּרענענדיגע אויגן, וועלכער גייט אַרום אומרוהיג און קייזערליך אין שטייג; אַן אָדלער מיט אַ קרומען בּלוטדורשטיגן שנאָבּל און מיט אָנגעצילטע שאַרפע נעגל, בּשעת ער פאַלט אַרויף אויף זיין קרבּן; אַ בּרילן־שלאַנג, אַ ווילדע קאַטשקע; אַ שטאָרך אויף איין פּיסל, וועלכער קוקט לאַנגנאָזיג און רבּניש אין וואַסער אַריין, מיט זיין פליכעוואַטן קאָפּ „אָהן אַ יאַרמעלקע“...

די פיינסטע, האָר־דינע עפעקטן, בּיים קאָפּירן, האָט מענדעלי דערגרייכט מיטן שפּיץ־נאָז. אַזאַ מין בּאַוועגליכן שפּיץ־נאָז האָט שוין דער זיידע געהאַט.

דאָס מיטל־ווענטל פון זיין נאָז איז געווען עטוואָס לענגער פון די נאָזלעכער. דאָס האָט אים צוגע־געבן אַן אויסדרוק פון סאַרקאַזם, פון „צולהכעיס“. דאַרויף איז געזעסן אַ ווייכער טעמפּער שפּיץ, אַ באַוועגליכס, אַ צאַפּלדינס, פול מיט געפיל און מיט נערוון. אַ מין אויסגאַנגספּונקט פון אַלע זיינע גרימאַסן.

— איר ווילט זעהן — מאַכט איינמאָל דער זיידע — ווי אַ לייב מאַכט אַ ברכה אויפן שטיק פליש, איידער ער נעמט זיך עסן?

מענדעלים שפּיץ־נאָז גיט זיך איין ציה. די נאָז ווערט טעמפּ און פאַרשוואומען מיט דער אויבערשטער ליפּ, ווי ביי אַ גרויסער קאַץ. די אויגן ווערן שטאַר און גרויס און צינדן זיך אָן. די הענט קרימען זיך אויס ווי מוראדיגע לאַפּעס און רוקן זיך אַריין טיף אין אַ ווייכער זאַפטיגער מאַסע.

— אַצינד קומט די ברכה! — זאָגט מענדעלי, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אָן אַ זייט און לאָזט אַרויס אַ ברייטן, ווייכן און טיף־דונערנדיגן ריטש:

— ר—ר—ר—ה—ה!

ערשט דערנאָך נעמט ער זיך צום „רייסן“ און „פרעסן“.

— אָהן אָט דער ראָזיגער צערעמאָניע — דער־קלערט נאָכדעם מענדעלי, ווען ער ווערט צוריק אַ מענש — אָהן פאַרוואַרפן די גריווע אָן אַ זייט, אָהן צורעקן דאָס שטיק פלייש מיט די לאַפּעס, ווי אַ פרומער ייד, להבדיל, די חלות... און אָהן אַ

ריטשע טון זיין „ה—ה—המוציא" קאָן רבי לייב ניט עסן. אַז מען שמועסט... אַ—אַ פרומע זאַך!

— איר ווילט זעהן — גיט מיך מענדעלי אַ פרעג אַ צווייט .מאָל — ווי עס וואַקסט אַן אונערקע? —

מענדעלים שפּיץ־נאָז גיט זיך אַ ציה, נאָך אים דער גאַנצער פּנים, דער האַלז, דער גאַנצער גוף — אַלץ ווערט עפּעס אַזוי שמאָל און ציהט זיך קאָפּ־אַראָפּ, און אַלץ אַזוי לאַנגזאַם, לאַנגזאַם אין איין געקרימטער ליניע, וועלכע בלאָזט זיך אָן און גלייכט זיך דערנאָך אויס... און איר זעהט פאַר זיך באַשיימפּערליך ווי אַ יונגע אונערקע פול מיט בלאָטירלאַך קריכט געבויגן מיט דעם געלינקען, בליהענדיגן בעכערל איבערן בייט. ווערט אַלץ לענגער און קרימער, גיסט זיך אָן מיט זאַפט, שטופּט אָפּ מיטן נאָז די בלעטער, גלייכט זיך אויס און בלייבט ליגן בייכיג און צייטיג אויף דער זאַפטיגער ערד.

## 19. אַ גביר און א דאָקטאָר.

די ביטערע אָרימקייט, דאָס גראָשענע לעבן אין דער אַמאָליגער קאַפּוליע — מענדעלים געבורט־שטאָט אין דער ליטע — האָט געפירט צו טיפסטן דרך־ארץ פאַר דעם, וואָס האָט די מטבע. ביי ווילדע און האַלב־ווילדע פעלקער פאַרנעמט דעם זעלבן פּלאַץ דער קולאַק. אין די אַמאָליגע יידישע שטעטלאַך, אָנגעפילט מיט דערשראָקענע יידעלאַך,

וואָס האָבן נאָר מוט צו פּאַטשן זיך פֿאַר עליות, האָט רעם פּלאַץ פֿון שטאַרקן פּאַרנומען דער „קליינ־קאַפּיטאַליסט“, מ׳שטיינס געזאָגט...

דער קלאַסן־קאַמף, די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען האָבן נאָך געשלומערט אין זייערע הייבלאַך. די ווייס־רוסישע חשכדיגע שטעטלאַך האָבן פֿון זיי אַפּילו מיטן שפּיץ־אויער ניט געהערט.

דער איינציגער רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט געבונטעוועט קעגן די גבירים און פּראָטעסטירט קעגן דער „הערשנדיגער אָרדענונג“ איז געווען... דאָס שניידערל. שמחת־תורה, אַז ער פֿלעגט זיך אָנשכּורן, פֿלעגט ער קומען צו לויפֿן אָהן אַ קראַגן אין בית־מדרש און פֿלעגט אָפּבונטעווען קעגן גבאי, קעגן בעל־טאַקסע און גלאַט קעגן די גראָבע בייכער; איינמאָל... פֿאַר אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר.

דערפֿאַר פֿלעגט ער קריגן בּמזומן אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעוואָרפֿן פֿון בית־מדרש.

ניט קיין קלענערן רעספּעקט האָבן די אַמאָליגע ליטווישע משׂכּילים געהאַט פֿאַר יערן שלום־מזל מיט אַ בילדונג־צענז. די ישיבֿה־בחורים, איידימלאַך אויף קעסט, וואָס האָבן באַהאַלטענערהייט געלערנט רוסישע גראַמאַטיק אונטער דער גמרא, און דערפֿאַר געכאַפּט אויסגעריסענע יאָרן פֿון משגיחים און נגידישע שווערן, האָבן אויף די גליקליכע „געבילדעטע“ געקוקט פֿון אונטן אַרויף, ווי אויף אַ קוואַל פֿון ליכט. וואָרום והא ראיה, עס איז דאָך דאָ אַ

בפירושער פסוק: „די בילדונג איז ליכט און די ניט־בילדונג — פינסטערניש“.

אָט דיזעלבע פראַזע, וועלכע קלינגט אונז איצט אַזוי פלאַך און אויסגעדראָשן, האָט נאָך מיט דרייסיג יאָר צוריק געקלונגען אין די אויערן פון אונזערע עלטערע ברידער ווי דער עלפטער געבאָט, אַ צונאָב צו די צען, וואָס זיי האָבן געלערנט אין חדר...

אַלע „צילן“, „אַנטוויקלונגען“, תּכליתים, וועלכע זעהען היינט אויס, אַפילו אין די אויגן פון אונזערע אָרטאָדאָקסן, ווי פּראָסטע פּראָפּעסיעס, האָבן אויסגעזעהן אין די אויגן פון אַמאָליגן ישיבה־בחור, אין מענדעלים צייטן, ווי הייליגע אידעאַלן, וואָס נאָר ווייניגע זיינען דערצו זוכה. יעדער ליאָרי פעלדשערל האָט אויסגעזעהן דורך די אויסגעקרימטע, אָפּגעבּרענטע שויבן פון דער ישיבה עפּעס ווי אַ מין „אויבער־מענש“. אַן אויסגעהונגערטער סטודענטל, אַז ער האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין יענער צייט פון דער גרויסער שטאָט אין שטעטל, האָט געלויכטן מיט זיינע אָפּגעבּליאַקעוועטע בלויע לאַמפּאַסן פון היטל און הויזן ווי אַ געטליכער מלאך. דאָס שלעכטע רוסיש־ריידן פון פאַרמאַצעפטל אין אַפּטייק האָט געקלונגען ווי אַ געזאַנג. דאָס אַלץ, וואָס זעהט היינט אויס אַזוי וואָכעדיג, אַפילו אין די אויגן פון פאַרשפּעטיגטן פּוילישן משכּיל, איז אַמאָל געווען „קדש־קדשים“ ביים ליטווישן „שטרעבער“...

דער גביר און דער דאָקטאָר — דאָס זיינען דאַן געווען די צוויי ליכטפּונקטן, די צוויי זיילן פון

מאַטעריע און גייסט, אויף וועלכע עס שטייט „די וועלט“. —

מענדעלי מוכר ספרים, דער חכם, דער טיפער קינסטלער, דער סאַרקאַסט, דער ערשטער קעמפער פאַרן יידישן אַרבעטער און אָרימאַן, האָט אָבער אין זיין פריוואַטן לעבן מיטגעבראַכט פון זיין קאַפּוליע דעם איינגעוואָרצלטן, כמעט אינסטינקטיוון יראת־הכבוד פאַרן גביר און פאַרן דאָקטאָר. ער האָט זיך דערפון ניט געקאָנט באַפרייען דאָס גאַנצע לעבן.

אָפט מאָל אין געשפּרעך, ווען ער פלעגט דער־מאָנען די גרויסקייט פון פאַרגאַנגענעם דור, איבער־ציילן זיינע מעלות און דערגיין צו... גבירישקייט, פלעגט ער מיט איין מאָל נעמען שאָקלען מיטן אַלטן קאָפּ, ווי נאָכן פאַרזוכן אַ גוטן וויין, און מיט האַלבגעשלאָסענע אויגן, מיט אַפּעטיט און מיט אַ טיפן ברוסט־קול אַרויסרייזן:

— געוועזן אַ—אַ גביר—ר—ר אַ—אַ ייד, אַ—אַן אדיר—ר—ר!...

איך פלעג בלייבן זיצן פאַרגאַפט און אָנקוקן מענדעלין מיט חשד: מיינט ער עס ערנסט, אָדער טרייבט ער קאַטאָוועס? רעדט עס אַ ייד מיט השגות פון אַמאָליגער קאַפּוליע, אָדער — דער דיכטער פון דער „קליאַטשע“?

מענדעלי האָט עס געמיינט זעהר ערנסט.

נאָך שטאַרקער פלעגט זיך, פון צייט צו צייט, אַרויסרייסן זיין באַהאַלטענער קאַפּוליער דרך ארץ פאַרן „דאָקטאָר“: ניט פאַרן מענש, נאָר פאַרן טיטל

„ראָקטאָר", מעג ער אויך זײַן אַ ליאַדי ראָקטאָרל פון בערנער ראָקטוירים.

איך האָב אין זשענעווע געקענט אַן אַנטיפּאַטישן נפש מיט צוויי קליינינקע, כיטרע אויגלאַך. ער איז אָבער געווען באַטיטלט. „ראָקטער" האָט מען אים גערופן. מיר רוכט, מעריצינער איז ער געוועזן. ער האָט אָפּנים גוט געוואוסט מענדעלים שוואַכע סטרונע און געשפּילט אויף איר. ער פלעגט אַרויפנײַן צום זיידן מיט דער אַראָגאַנץ און מיט דער ברייטקייט פון אַ הכשיט, וואָס אַלץ איז אים ערלויבט:

— גאָספּאָדין אַבראַמאָוויץ ראָמאַ? יאַ נאַמערען וויטאַשטשיט יעווא פּאָגוליאַט! (הער אַבראַמאָוויץ איז אין דער היים? איך האָב ברעה אַרויסשלעפּן אים שפּאַצירן!).

ווי נאָר מענדעלי פלעגט דערהערן זײַן קול אין קאָרידאָר, פלעגט ער אָפּברעכן אין מיטן שמועס. אויפגעהויבן זיך און עפּעס געוואָרן ניט מיט אַלעמען. „אַה... דער ראָקטער איז געקומען!" — פלעגט ער אַרויסרייידן מיט חשיבות און באַטאָנען דאָס וואָרט „ראָקטער". שמועסנדיג מיטן ראָקטאָר אויף אָרעסער רוסיש, פלעגן זיך בײַם זיידן רויטלען די קנייטשן אויף די באַקן, ווי בײַ אַ פאַרליבטן, בשעת ער רעדט פאַר עדות מיט זײַן שטאָלצער געליבטער, וועלכע ערלויבט, מען זאָל זי ליבן...

און דאָס איז געווען מענדעלי דער גרויסער יידישער שרייבער, דער שעפער פון צוויי נייע סטילן,

איינגטליך — צוויי ליטעראַטורן: נײַ־ייִדיש און נײַ־העברעאיש, װעמענס טיפּע קענטעניש אין געשיכטע, זאָאָלאָגיע און באָטאַניק אַליין מען האָט געקאָנט פאַרטיילן אויף פינף אַזעלכע ליאַרי דאָקטוירימלאַך, ווי זיין גאַסט. אָבער זיין גאַסט איז געווען אַ „דאָק־טער" און מענדעלי — ניט. און דאָס איז שוין געווען גענוג, מענדעלי זאָל פאַר אים בטל ווערן.

כּדי צו ערקלערן אַזאַ רעטעניש און גרינגער צו מאַכן מיין אַנטוישונג, פלעג איך נעמען צו הילף מענדעלים דאָפּלטן „איך", ווי ער אַליין האָט עס אין זיינע ווערק באַשריבן. מענדעלים „איך", וואָס האָט זיך געטיילט אין „חכם" און אין „שוטה"...

אין אַזעלכענע מאָמענטן פון ליידנשאַפטליכער אויפרעגונג ביים זיירן, בשעת ריידן מיט אַ „דאָקטער" און מיט אַ „גביר", איז ביי מיר קיין צווייפל ניט גע־ווען, אַז דאָס איז אַרויסגעשפּרונגען „מענדעלי דער שוטה", דער פאַרלעגענער קאַפּוליער אָרים־בחור, און מענדעלי דער חכם האָט קיין כּח ניט געהאַט אָפּצוהאַלטן אים.

## 20. דער שטעקן.

מענדעלי האָט ליב געהאַט פאַרטיפן זיך ניט נאָר אינם לעבן פון מענשן, חיות און פלאַנצן, נאָר אויך אין שטיל־לעבן פון טויטע פאַרגליווערטע זאַכן, אין דער „טויטער נאַטור".

ער האָט מיר אַליין עטליכע מאָל דערציילט, ווי ער רערט מיט שטיינער און ביינער, מיט טעלער און טישן, מיט שפּאַלטן אויפן וואַנט... און קריגט אַן ענטפער. יעדער געגנשטאַנד האָט ביי אים, ווי ביי יעדן קינסטלער מיט אַ שטאַרקער פאַנטאַזיע, געהאַט אַ פיזיאָגנאָמיע. און די פיזיאָגנאָמיע איז ניט געווען אַ באַשטימטע. זי האָט זיך געקאָנט בייטן ווי אַ שטימונג, ווי די קאַפּריזן פון ליכט און שאָטן.

מענדעלי האָט געהאַט אַ שטעקן. אַ סוקעוואַטער ליבער שטעקן איז עס געווען, מיט אַן אויסגעגלעטן קעפּל, ניט הונט, ניט פערד, מיט אַ רימענדל דורך די אויערן דורכגעצויגן. אויף דעם ראָזינן שטעקן פלעגט זיך מענדעלי כמעט ווי ניט אָנשפּאַרן. נאָר גלאַט אַזוי, כדי צו האָבן עפּעס אין האַנט. דער שטעקן אַליין איז צו קורץ געווען, אַז מענדעלי מיט זיין הויכן וואוקס זאָל קאָנען, ווי געהעריג, באַנוצן זיך מיט אים. כמעט אַ דריטל פון שטעקן האָט זיך אויסגעריבן. אַ סך יאָרן האָט אים דער זיירע מיט־געטראָגן, מיטגעשלעפּט אויף פעלדער און וועגן און טראָטואַרן. מענדעלי איז געבליבן ביי זיין שלאַנקען הויכן וואוקס און זיין שטעקן איז געבעך קירצער געוואָרן.

— קוקט אים נאָר אָן — האָט מיר מענדעלי איינמאָל אָנגעוויזן אויף זיין סוקעוואַטן „פריינט“ — אַז ער וואָלט געווען אַ מענש, וואָלט ער שוין גע־האַט אור־אור־אייניקלאַך. איך האָב אים ליב. ער

האָט מיך ליב. מיר קענען זיך פון די קינדער־יאָרן אָן. מיר פאַרשטייען זיך ביידע זעהר גוט. איך אַליין האָב אים באַקומען אַ מתנה פון איינעם אַן אַלטן מאַן. מיר דוכט זיך, אַז ע ר האָט שוין אַ נשמה. ניט אומזיסט טראָגן אים אַרום מענשישע הענט שוין וואָסערע הונדערט יאָר! ער ברוגזט זיך אויף מיר, ווען איך האַלט אים ניט אַ שטיקל צייט אין האַנט. שטייט אין ווינקל און בלאָזט זיך. איז אייפערזיכטיג. קאָן איך ניט זעהן זיין צער. נעם איך אים, אָפט מאָל אין מיטן דער אַרבעט, און גיב אים אַ גלעט איבערן קעפּל:

— שאַ—שאַ, זיי ניט אין כּעס. איך האָב דיך ניט פאַרגעסן. דו זעהסט דאָך, אַז איך בין פאַר־נומען...

— איר זעהט, וואָס פאַר אַ גלאַט קעפּל ער האָט?... איינמאָל האָט זיך מיר געחלומט אַ ווילסטער חלום, ניט היינט געדאַכט. ס׳האָט זיך מיר גע־חלומט, אַז מיין שטעקן איז פאַרפאַלן געוואָרן. ניטאָ מער קיין שטעקן! האָב איך זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געוויין, כּמעט מיט ספּאַזמעס... גלייך אַראָפּגע־שפּרונגען פון בעט און געלאָפן צום ווינקל, וואו ע ר שטייט, אָנגעטאַפּט אים אין דער פינסטער, גע־פונען. האַ — האַ! ער איז דאָ. טפו — טפו... אויף ווילסטע פעלדער אַזאַ חלום! מיין שטעקן איז דאָ. —

## 21. דער אַלטער און דער נייער קאַם.

אַן ענליכע מעשה האָט מיר מענדעלי דערציילט פון זיינע צוויי האָר־קאַמען.

— אַ צייט מיט יאָרן האָב איך באַנוצט אַ קאַם. דער קאַם איז אַפילו געווען אַביסעלע אַלטמאָדיש, אָבער סאָליד. אמת טאַקע, עטליכע ציין האָבן אים שוין געפעלט, און די איבעריגע ציין זיינען שוין געווען אַביסעלע אויסגעקרימט, אַ קאַפּעלע אָנגעשפּאָלטן, אָבער איך בין אים געבליבן טריי. איר זאָלט מיר ברייננגען אַ גאָלדענעם קאַם אָנשטאָט אים, וואָלט איך אים ניט פאַרביטן. אין דערפריה, ווי נאָר איך האָב באַנעצט דעם קאָפּ, האָט ער מיר שוין צוגעשמייכלט פון טואַלעט־טישל אונטערטעניג און פריינטליך, ווי אַן אַלטער דינער אָהן ציין אין מויל:

— אַ גוט מאָרגן, וואַשע סיאַטעלסטוואָ! איך בין גרייט אייך צו באַדינען!

— ויהי היום, ברייננגט מיר מיין טאָכטער אַ מתּנה אַ נייעם שענעם קאַם פון העלפאַנט־צאָן. אַ פיינער קאַם. געטאָקט. ציין ווייסע, גלאַנצעדיגע, ווי ביי אַ יונג ווייבל. בין איך געבליבן אין פאַרלעגנהייט, וואָס זאָל איך דאָ טון? צוריק געבן אָדער באַהאַלטן דער טאָכטערס מתּנה, וועט זיך די טאָכטער באַליידיגן. אַוועקלייגן אין שלאָפצימער אויפן וואַשטיש דעם נייעם קאַם — וועט זיך דער אַלטער קאַם

באַליירינגן... וואָס זאָל איך אייך זאָגן, אברהם אבינו איז געווען גרינגער איינצופירן די יונגע רינדסטמויך הגרן אַנטקעגן דער אַלטער עקרה, שרה אונזער מוטער, ווי מיר, להבדיל, דעם נייעם קאַם אין שכנות מיטן אַלטן... פון אַרויסוואַרפן דעם אַלטן קאַם אינגאַנצן האָט נאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. איך וואָלט בשום אופן ניט דערלאָזן, אָנטון מיין אינוואַליד אַזעלכע בזיונות אויף די עלטערע יאָרן. בקצור, דער אַלטער האָרענער קאַם איז גע־בליבן אויף זיין פּאָסטן, אויפן רעכטן זייט פון וואַש־טיש, און דער נייער — אויפן לינקען זייט. די ערשטע צייט האָב איך זיך נאָך אַלץ געקעמט מיטן אַלטן קאַם, און נאָר אַביסעלע, פון צייט צו צייט, דערקעמט זיך מיטן נייעם. נאָר ביסלעכווייז האָט דער יונגער קאַם פון העלפאַנט־ביין, מיט די לאַכע־ריגע ווייסע ציין, גענומען די אויבערהאַנט. ער איז טאַקע געווען באַקוועמער, גלאַטינער און אָנגענעמער פאַרן קאָפּ. כ׳האָב זיך לסוף צוגעוויינט צום נייעם און „געפּעלשט אַ פּעלשונג" אין אַלטן מאָכרעסריגן קאַם... און דער אַלטער ליגט געבעך עד היום דער־ביי און קוקט צו, אַ צוקרימטער, אַ פּאַרטריקנטער, אַ „סקאַלעזוובער", ווי איך פלירטעווע פאַרן שפּיגל מיטן נייעם קאָנקורענט זיינעם... אָפּט מאָל הער איך פּשוט, ווי ער וויינט שטילערהייט, שאַמקעט ווי אַן אַלטיטשקער מיט אויסגעפאַלענע ציין:

„אָט דאָס האָט מען אויף דער עלטער... אָט דאָס איז די דאַנקבאַרקייט, אַז מע ווערט אַלט!"

— טו איך אויף אים בייז אַ קוק און גיב אַ מורמל מיט האַרץ: געגוג צו גוריען, פּאָראַ טשעסט זגאַט! וועסט מיר אַזוי ווייטער פאַרביטערן מיינע פריה־מאָרגנס, וועל איך דיך לאָזן אַרויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן, דו הערסט, דו אַלטער תּרח דו!...

נאָר באַלד כאַפּט עס מיך ביים האַרצן: אַן אינוואַליד געבעך, אַזאַ אַלטיטשקער דינער... אַ געטרייער... גיב איך אַ וואָרף דעם נייעם, ווייסן קאַם און נעם זיך קעמען מיטן אַלטיטשקן. איך קעם זיך און טרייסט אים:

נו, שאַ... — שאַ... ווייַן ניט! אַט זעהסטו, אָט קעם איך זיך מיט דיר ווידער. איך רייס מיר די האָר פון פּאַטילניצע... נאָר פאַרקלאָג מיר ניט מיין קאָפּ, פאַרקלאָג מיר ניט מיינע יאָרן!...

## 22. דאָס הערינגל.

מענדעלי האָט ליב געהאַט ספּעציפיש יידישע מאכלים. געהאַקטן הערינג מיט איי און עסיג האָט ער ליב געהאַט דאָס חיות.

נאָך עטליכע וואָכן פאַר זיין פּטירה, ווען ער איז געלעגן האַלב פּאַראַליזירט אין אָדעסער שפּיטאָל און עסנוואַרג איז קנאַפּ געוואָרן, האָט ער גע־בעטן, מען זאָל אים טון אַ חסד און פאַרשאַפן אַ שטיקל געהאַקט הערינגל.

די באַרעמהאַרציגע שוועסטער אין שפּיטאָל האָט עס אים געטאָן. געקראָגן אַ גוטן הערינג. איינגע־

האַקט מיט איי, מיט ציבעלעס, מיט עסיג; אויס־געלעגט אין דער פאָרם פון אַ גאַנצן הערינג צוריק אויפן טעלער, און כּדי עס צו פאַרשענערן האָט זי דאָס ניט־צעהאַקטע קעפּל צוגעפּאַסט פון איין זייט, דאָס עקל—צו דער צווייטער זייט און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, בשעת מענגרעלי האָט געכאַפּט אַ דרעמל.

אַז מענגרעלי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער צו זיין גרויסן פאַרגעניגן דערזעהן פאַר זיך זיין געווינשטן מאכל. ער איז אָבער געבליבן ליגן און לאַנג באַטראַכט אים פון בעט אַרויס. מיט אַמאָל איז אָנגעקומען ח. נ. ביאַליק, וועלכער האָט זיך דאַן אויך געהיילט אינם זעלבן שפּיטאָל.

מענגרעלי האָט אים געבעטן זעצן זיך נעבן זיך, אָנגעוויזן אים אויפן הערינגל און געזאָגט:

— איר זעהט... מיר ביידע קוקן זיך שוין איבער אַ רעכטע ווײַלע און מיר שמועסן זיך דורך... איך האָב זיך דאָ ניט לאַנג אויפגעכאַפּט און דער־זעהן, ווי ער קוקט אויף מיר מיט זיין פאַרזאַלצן אויגל. אַז איך האָב זיך אויסגעשטשוכעט און גע־נומען קוקן אויף אים מיט אַפּעטיט, האָט ער זיך דערשראָקן:

— זעה... מענגרעלי... וואָס קוקסטו אַזוי?

— וואָס אַרט דיך, זאָג איך, נאַרעלע, וואָס איך קוק?

נאָר ווי איך האָב געמאַכט אַ באַוועגונג, האָט ער זיך נאָך מער דערשראָקן:

— זעה... זיירע... וואָס ווילסטו טון?

מאַך איך שוין צו אים מיט רציחה:

— איך... איך וועל דיך טאַקע אויפעסן!

בעט זיך אַלץ ביי מיר דאָס הערינגל, רחמים־תחנונים בעט ער זיך:

— זעה... מענדעלי... טשעפּע מיך ניט... אָט, זעה... דו ליגסט זיך אַזוי אויסגעצויגן... קראַנק... און קוקסט... איך ליג אַזוי אויפן טעלערל מיט צעהאַקטע זייטן און קוק... לאָמיר זיך אַזוי ווייטער ביידע ליגן און קוקן... איטליכער אויף זיין אָרט... וואָס אַרט דיך? טשעפּע ניט...

## 23. ס׳לעקעכל.

די באָבע, ווי שוין פריהער דערמאָנט, איז געווען אַביסל קאַרגליך. פאַר געוויינליכע געסט האָט זי דערלאַנגט נאָר טיי מיט צוקער אין גלאָז. פאַר אויסערגעוויינליכע געסט — פאַראַיאָריגע מצה אָדער פאַראַיאָרינע קעקס. איינמאָל, אין שבת, האָט זי מכבד געווען דעם עולם מיט מצה צום טיי. האָט איר איינער געמאַכט אַ קאָמפּלימענט:

— אוי, באָבע, איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ בריה! איר האָט נאָך מצה פון פּסח.

רופט זיך אָפּ די באָבע מיט שטאָלץ:

ס׳איז דען פון דעם פּסח? ס׳איז דאָך מצה פון פאַר צוויי יאָרן פּסח...

משמעות, אַז די רייה פון היי־יאָריגע מצה איז נאָך ניט דערגאַנגען.

מען קאָן ניט זאָגן, אַז דער זיידע איז זעהר צופרידן געווען פון דער באָבעס עקאָנאָמיע. נאָר ער איז צו פיל געווען אַריינגעטאָן אין זיין אייגענער וועלט, האָט ליב געהאַט זיין רוה און האָט איר דעריבער וועגן איר באַלעבאַטישקייט קיינמאָל קיין וואָרט ניט געזאָגט. האָט אָפט מאָל, ווי אַן עכטער סטאָאיקער, מיטגעמאַכט דאָס איבערגעטריבענע שפּאַרעניש. איך וויל דאָ ברייננגען נאָר איין קליינע אילוסטראַציע:

— איינמאָל אין אָרעס — שוין נאָך זשענעווע — האָבן מיר זאַלבעצווייט באַזוכט דעם זיידן. מיר דוכט, י. ד. בערקאָוויץ איז געווען דער צווייטער. די באָבע האָט דערלאַנגט טיי, פון אַ באַהאַלטן קעמערל אַרויסגעטראָגן, אויף אַ טעלערל, עטליכע לעקעכלאַך. די לעקעכלאַך זיינען אָבער געווען אַזוי פאַרדאַרט, אַז זיי האָבן געקלונגען ווי גוטער ענגלישער שטאָל. איינער פון די צוויי געסט האָט עס אַ פּרוב גע־טאָן ברעכן, האָט ער זיך שיעור ניט צעבראָכן אַ פינגער. דער צווייטער האָט געפּרובט אַ ביס טון — האָט ער זיך שיעור ניט צעבראָכן אַ צאָן. האָבן מיר זיך באַגנוגנט מיט טיי און די לעקעכלאַך גע־לאָזן שטיין.

מענדעלי האָט, ווי זיין שטייגער איז, דערציילט און דערביי אונטערגעגעבן אונז חשק, מיר זאָלן זיך נעמען, מיר זאָלן ניט פאַרשעמען די לעקעכלאַך.

מיר האָבן זיך אָבער געמאַכט ניט הערנדיג.

כּדי צו געבן אונז אַ מוסטער פון מוטיגקייט און כּדי דערווייזן אונז, אַז קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט שטאַרקער פון אַ מענטשישן רצון, האָט דער זיידע גענומען איין קליין לעקעכל אין מויל אַריין און געוואָלט עס צעקייען. נאָר גיי קיי אַ שטיין! און נאָך מיט גאָלע יאַסלעס...

האָט עס דער זיידע ריידנדיג גענומען אַריבער־וואַרפן מיט דער צונג אַהער און אַהין, שווייקען מיט הייסן טיי, אפשר וועט גאָט העלפן, דאָס האַרץ פון לעקעכל וועט ווייכער ווערן און עס וועט זיך אונטערגעבן. נאָר דאָס לעקעכל האָט זיך איינגע־שפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: „ניין!" און אַ סוף, אַן עק.

און מיר העלפן מענדעלין ריידן און קוקן בגנבה, וואָס דאָ וועט ווערן פון דועל צווישן זיידן און דעם שייגעץ דעם לעקעכל, ווער פון ביידן וועט מנצח זיין.

מענדעלי האָט באַלד דערכאַפּט אונזער קוק; אין די אויגן זיינע האָט זיך באַוויזן אַ שטיפעריש־יינגלש פייערל. און אַ ווינק טוענדיג אויפן לעקעכל אין מויל, האַקט ער איבער זיין געשפּרעך און זאָגט:

— איז דאָס דאָך האַרט, אַ—אַ?

מיר האָבן צוגעגעבן, אַז ווי עס שיינט... „לויט דער אָרימקייט פון אונזער וויסן..." מוז דאָס לעקעכל רעכט האַרט זיין.

— נאָר אַז מען וויל, קאָן מען עס בייקומען! — האָט מענדעלי באַשלאָסן, אַ זופּ געטאָן טיי און אַראָפּגעשלונגען דאָס פאַרעקשנט האַלב־צעגאַנגען

לעקעכל, ווי מען שלינגט אַראָפּ אַ מעריצינישע אָבלאַטקע.

## 24. דער לעצטער מאָהיקאַן.

איינמאָל, אין זשענעווע איז עס נאָך געווען אין 1907, איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן מיט מענדעלין וועגן די געשעהענישן אין רוסלאַנד זייט דעם קישינעווער פּאָגראָם פון 1903, וועגן דער רעוואָלוציע, וועגן דעם בלוט, וואָס האָט זיך געגאָסן אין וואַרשע נאָך דעם באַקאַנטן 9־טן יאַנוואַר, ווען די קאָזאַקן זיינען אָנגעקומען „מאַכן אָרדענונג", וועגן דער העלדישקייט, אָפט מאָל קינדערשער העלדישקייט, פון יידישע יונגע־לייט, וואָס זיינען דעמאָנסטראַטיוו געפאַלן אין די גאַסן פאַר גאָרנישט מיט נישט. איך האָב אים דערציילט פון אַ בלוטיגער סצענע אין וואַרשע אויף דזיקאַ גאַס, פון וועלכער איך בין געווען צופעליג אַן ערות. ווי דריי יונגען, 17־18 יאָריגע יינגלאַך, האָבן זיך עפּעס אין אַ מין עקסטאַז צונויפגערעדט: לאָמיר אַרויסוואַרפן אַ רויטע פאָן און פאַלן אַ קרבן פאַר דער פרייהייט! געזאָגט — געטאָן: אַרויס אין מיטן גאַס, אַרויסגעוואָרפן אַ רויט פענדל און עפּעס אויסגעשריען אַנטקעגן עטליכע קאָזאַקן, וואָס זיינען אויף זיי אָנגעלאָפן מיט די פערד און מיט די ביקסן. אין אַ מינוט זיינען שוין די דריי יונגען געלעגן טויט אויפן שטיינברוק אין אַ טייך בלוט און מאַרך. די קאָזאַקן האָבן

די קערפּערס צוגעשטופּט צו אַ טויער, מיטגענומען די פאָן און אַוועקגעריטן.

דערנאָך... דער מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער, די רעאַקציע, די פּאָגראָמען, פּאָגראָמען און פּאָגראָמען... ביטערע איינצלהייטן, מיאוסע פּרטים...

מענדעלי האָט ניט ליב געהאַט אָפּעסן זיך דאָס האַרץ, גלאַט אַזוי, אין מיטן מיטוואָך נאָך האַלבן טאָג... האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט ביידע הענט, ווי מיט פאַרחלשטע פליגלען און אַ זאָג געטאָן אין באָרד אַריין:

— נו, וואָס זאָל מען טון, וואָס זאָל מען טון!

מיך האָט עס אַביסל פאַרדראָסן. וואָס הייסט — „וואָס זאָל מען טון?“ אָפּלייענען קריאת־שמע און זיך לייגן שלאָפן? אָט אַזוי רעאַגירט מען דאָס אויף אַזעלכע זאַכן? און כּדי אים צעוואַרעמען, האָב איך אים דערציילט פון אַ נאַכט, ווי מען וואַרט אויף אַ פּאָגראָם... יונגע לייט גייען אום אין די פינסטערע גאַסן פּאָרוויז אין „אָבכאָר“ און היטן די שלאָפנדיגע... דער רעוואָלווער אין קעשענע... דאָס האַרץ דריקט... סע גלויבט זיך ניט, אַז מיר יונגע וועלן באַלד שיסן מענשן... שלאָגן זיך אויף טויט און לעבן... דאָס וואַרטן איז פיל, פיל ערגער ווי דער פּאָגראָם אַליין... גייען מיר דורך די גאַס איינמאָל. טויט. קיינער ניטאָ. גייען מיר צוריק. זעהען מיר מיט שרעק, אַז דער גאַנצער טראָטואַר איז פאַרשאָטן מיט פרישע פּאָגראָם־אויפרופן „אויסצושלאַכטן אַלע זשידעס“! דיזעלבע שוואַרץ־מאהדיגע פּראָ־

קלאַמאַציעס אויסגעקלעפּט אויף די ווענט... אַ שווידער גייט דורך דורך די ביינער. אַלזאָ, דער שונא שלייכט זיך דאָ אַרום אונז און מיר זעהען אים ניט!... דער שרעק נעמט אָן עפּעס מיסטישע פאָרמען... און דאָ פאַר־נעמט זיך אויף טאָג... גראָה ווערט דער הימל, די פּנימער — געלב, די אומבאַהאָלפנקייט אַנט־פּלעקט זיך... וואָס וועט דער טאָג ברייננגען?

— אַזאַ שלעכטע צייט, ווי די צייט — האָב איך פאַרענדיגט — איז נאָך פאַר יידן אין רוסלאַנד קיינמאָל ניט געווען.

— איר האָט אַ טעות — מאַכט מענדעלי און קוקט אין דער לופטן אַביסעלע העכער איבער די שפּאַקולן, דאָס טוט ער שטענדיג, ווען ער דיינקט נאָך.

— וואָס הייסט?

— געווען אַמאָל ערגער, אַ סך אַ סך ערגער!

און פונקט ווי אַ פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין מענדעלים רוהיגקייט. די אויגן האָבן זיך אים צעפלאַמט, די ווייסע גרויזע האָר האָט זיך אים צע־שויבערט. ער האָט גענומען דערציילן פון אַמאָליגן יידישן לעבן, אין ניקאָלאַי דעם I־טנס צייטן... פון יידישע בעלי־טובות און טאַקסע־לייט און מוסרים. פון דער בהלה־צייט, ווען מען האָט חתונה געמאַכט אַכט־יאָריגע קינדער, כּדי צו ראַטעווען זיי פון דער פינסטערער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטשינע... נאָר ניט תּמיד האָט עס געהאָלפן. די „כאַפּערס" (אַ רוח אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין!) זיינען ווי די וועלף אַרומגעלאָפן איבער די שטעטלאַך, איבער וועגן און

בתּי־מדרשים, אַרויסגעריסן די קינדער בײַ די מאַמעס פין אונטער די פאַרטוכער, אָפּגעריסן אין די תּלמוד־תּורהס פון חומש מיט רש״י און פאַרקויפט זיי, ווי מע פאַרקויפט שעפּסן, אין די פּריסוטסטוויעס... גישקשה, די ייִדישע גבירים האָבן דערפאַר געצאָלט גוט געלט, אויסלייזנדיג דערבײַ די אייגענע „בנים״... קלײנע קינדער, שוואַכינקע בני־יחידים, איין איינציגע בײַ מאַמעס־אלמנות האָט מע ניט געשאַנעוועט... געבראַכט זיי אַ קרבן די גבירישע משפּחות... היינט די רציחות, די מסירות... דער שמוץ... דער שרעק... געווען אַ סכּנה אַרויסצופאָרן אַ יונגען מאַן אין וועג אַריין... אים אַליין האָט מען שוין איינמאָל אין וועג געכאַפּט און געבונדן... מע האָט אים אָבער אָפּגעראַטעוועט... עפּעס אַ נס האָט אים געטראָפן...

די בילדער פון זיין „ווינשפינגערל״, פון זיין „טאַקסע״, פון דער „קליאַטשע״ האָבן אויפגעפלאַמט פאַר מיינע אויגן מיט אַ נייער פרישקייט, מיט נייע פאַרבן. אַ שרעקליכע פינסטערע מגילה האָט זיך פונאַנדערגעקייקלט. און מענדעלי שטייט איבער דער ראָזינער מגילה און טייטלט מיר מיט אַ מין אַכזריות פון אַ גרויסן מאָלער:

— נאַ, זעה, שיינעץ איינער, נאַ, לייען!

איך האָב מיר געמוזט מודה זיין אין האַרצן, אַז אַזוי פ י נ ס ט ע ר איז בײַ אונז אינם איצטיגן (1907) רוסלאַנד ניט. מען קעמפט דאָך. מען האָט מ ו ט צו קעמפן. עס איז דאָ אַן עפנטליכע מיינונג. —

מענדעלי האָט אַ ווײלע געשוויגן, דערנאָך פּאַ־מעליך אַרויסגערעדט:

— איך בין שוין דער לעצטער, דוכט מיר... ד ע ר ל ע צ ט ע ר מ אָ ה י ק אַ ן פון יענע איבער־לעבונגען... אַלע מײנע חברים פון יענער צײט... ניטאָ. אויסגעשטאָרבן. ניט פּאָר קײן ײדן גע־דאַכט אַזאַ צײט. קײן גוטער ײד זאָל פון אַזאַ צײט ניט װיסן!

און נאָך אַצינד, װען איך דערמאָן זיך אָן זײדן, אָן זײן גאַנצקײט, אָן זײן אויסגעהאַלטנקײט, אָן זײן גראַדן כאַראַקטער, אָן דער גרויסער פּאַרבגרײכער װעלט, װאָס ער האָט מיט זיך אין קבר אַװעקגע־טראָגן, זאָג איך נאָך אין געדאַנק זײנע אײגענע װערטער:

— „דער לעצטער מאָהיקאַן...“ יאָ.

בערלין, 1922.

# מענדעלים אָנדיינקען

(עפּילאָג)

קומען די אייניקלאַך צום זיידן צוגעהן,
לויכט זיי די זון און די האָפענונג שען, —
כאַ—כאַ, אַ געפילדער, אַ ליאַרים:
— גיב, זיידעניו ליבער, פון פענסטער אַ בליק!
צו דיר איילט די יוגנט פון גלות צוריק
מיט ווינטן, וואָס יאָגן זיך וואַרעם.

מיר קומען מיט פלאַטערנדע פאָנען און קווייטן,
מיר זינגען, מיר טראָגן צעריסענע קייטן,
דו וואַרטסט דאָך אויף דעם אַזוי לאַנג!
געלאַכט האָסטו ביטער פון אונזערע טאַטעס,
פון טאָרבעס, פון קרעכצן, פון הייליגע שמאַטעס...
מיר דאַנקען דיר איצט מיט געזאַנג.

וואו ביסטו? צי שלאָפסטו נאָך הינטערן וואַנט?
אָדער דו טרוימסט מיט דער פעדער אין האַנט,
און שוועבסט אַצינד ווייט פון דער וועלט?...
וואַרטן די אייניקלאַך, ס׳קלאַפּט זיי דאָס האַרץ,
דאָס פענסטער קוקט עלנט, אין פענסטער איז שוואַרץ,
דער זילבערנער זיידעניו פעלט.

גייען די אייניקלאַך אין קאַמער אַריין,
געבן צוויי ליכט זיי אין פּנים אַ שיין, —
דער זיידע ליגט בלאַס אויסגעצויגן;
פאַרוויקלט אין טלית... מיט גרייז־גראָהער פּראַכט
באַשיינט אין זיין פּנים. און ס'האָט אים פאַרמאַכט
אַן אייביגער שמייכל די אויגן...

דאַן וויינען די אייניקלאַך אַלע אין כאָר, —
איבערן טלית און זילבערנע האָר
קייקלען זיך טרערן און פליסן...
און עס פאַרבויגן זיך שטום, אין האַלב־קרייז,
פאָנען בלוט־רויטע און פלאַגן בלאָה־וויים, —
דעם שווייגענדן זיידן צופיסן...

.1917